# ר׳ שְׁמֶעְ פְּלַאכְטִי

## אָדֶער

## דֶער וֶועלְט שְׁוִוינְדְלֶער ·

יעֶדעֶר מעֶנש וואָס ווִירד די מעשה לעֶזעֶן , ווִירד האָבּעֶן גרוֹים פעֶרגעֶנינעֶן, יוּנג אוּנ אַלט , אָרעֶם אוּנ רײַך , ווּעֶלעֶן זיךְ פרײַעֶן אַלעֶ גלײַך , די מעשה ווִירד דעֶם לעֶזעֶר מאַכעֶן וואַכעֶן , יעֶדעֶר וואָס ווִירד לעֶזעֶן , ווִירד מוּזעֶן לאַכעֶן ·

---

אַרױס געֶנעֶבּעֶן אין רײַן זשאַרגאָנישעֶר שפראַךְ דוּרךְ דיא בּוּכהאַנדלוּנג

אמקרויט עט · פריינד אין פשעמישל

ביליגורייא

המאטריצין נעשו בדפוס של ר׳ נתן נטע קראנענבערג ·

שנת תער״ב לפ״ק

# ר' שמכע פלאכטי

## אדער

# דער וועלט שווינדלער ·

יעדער מענש וואס ווירד די מעשה לעזען ,
ווירד האבען גרויס פערגעניגען , יונג אונ
אלט , ארעם אונ רייך , וועלען זיך פרייען
אלע גלייך , די מעשה ווירד דעם לעזער
מאכען וואכען , יעדער וואס ווירד לעזען ,
ווירד מוזען לאכען ·

---

ארויס געגעבען אין ריין זשארגאנישער
שפראך דורך דיא בוכהאנדלונג

אמקרויט עט· פריינד אין פשעמישל

בילגורייא

המאטריצין נעשו בדפוס של ר' נתן נטע קראנענבערג ·

שנת תער"ב לפ"ק

אין לאַנד עוץ וואַר איין קליין שטעטיל גאַ־קאָוו. דאָס וואַר איין יודיש שטעטיל. אונ אויך זעהר איין פרום שטעטעל. דאָרט האָט געוואָהנט איין רב. דאָס רבעל וואַר איין אַלטער מאַן. אונ ער וואָר אויך אַ רבעלע. אויף דעם שטיינער וויא אַ גוטער יוד. ער איז אויך געגאַנגין אין איין ווייסע יופּעצע. אונ פריימאָג צו נאַכט האָט ער געדאַווענט אין טלית אונ האָט מאַנכעס מאָל געזאָגט סגולות אונ האָט אויך מאַנכעס מאָל גענומין אַ פדיון אונ ער וואַר באמת אַ גרויסער ערהרלעכער יוד. אונ אויך נעבעך איין גרויסער אביון.

אין דעם שטעטעל האָט זיך געפונען איין יתומה. איין מיידעל וואָס האָט נעבעך ניט געהאַט קיין טאַטע אונ קיין מאַמע. זאָ האָט דיא רעבעצין פאַר רחמנות גענומין דיא יתומה. אונ האָט זיא אויף געצויגען. זי וואַר שוין אַלט עטלעכע צוואָנציג יאָהר. זי וואַר איין יפת תואר. איין נאָז וויא אַ פאַס. אונ אַ פנים וויא אַ טויער. אַ פּאָר גרויסע אויגען וויא איין אונגעריש קאַלב. אַ פּאָר גראָבע ליפּען וויא דיא גאָמבע פון אַ רוסישען אָקס. אונ פינגער וויא דיא פיס פון אַ העלפאַנד. אונ קלוג ווי איין אַלטער אייזעל. נאָר אָהן עין הרע האָט זיא געקענט עסען זויא אַ פערד. אונ צו דעם אַלעם איז זיא געגאַנגין נאַקעט אונ באָרוועס. דען ווער האָט איהר נעבעך געזאָלט עפּעס קויפען אָדער מאַכען. דען ווען קיינע עלטערען האָט זיא נעבעך ניט געהאַט. אונ דער רב וואָר נעבעך אַ גרויסער אביון. אונ קיין בעליבטע האָט זיא נעבעך ניט געהאַט. דען ווער עס האָט זי אנגעקוקט האָט דיא גאַל אויסגעבראָכען. דען איהר שיינהייט האָט קיין דוגמא. ממילא וויא זיא איז אָבגעמאָלט. קיין שידוך האָט זיך ניט געטראָפען. קיין בלינדען האָט מען ניט געקריגען. אונ קיין זעהענדיגער האָט זיא ניט געוואָלט. בקיצור זיא איז שוין איבער דרייסיג יאָהר אַלט געוועזן.

דיא

דיא רעבעצין איז געזעסען אין דיא ווייבער שוהל. האט זיא געהערט וויא דיא ווייבער רעדען פון איהר וויל זיא זארגט ניט וועגען איין שידוך פאר דיא יתומה. אונ איין נגידישע פרומע צנועה האט זיך ארוים געשטעלט מיט דעם גרויסען קול אונ האט געזאגט. ווען ביא איין אנדערען מעכט זיך געפונען איין בתולה פון עטלעכע דרייסיג יאהר זא מעכט איהר מיט איינער מאן שרייען. עס איז איין גרויסע עבירה מען טוט זיך פערזינדיגין. אונ ביא אייך איז דאס קיין עבירה ניט. אונ דיא איבריגע נשים צדקניות האבען אויך מיט געברומט.

דיא רעבעצען איז א היים געגאנגין אונ האט דאס דעם רב דערציילט. האט דער רב געזאגט. זייא האבען גאנץ רעכט. עס איז באמת איין גרויסע עבירה. זאגט זיא דיא רעבעצען נו וואס זאל מען טוהן? זאגט דער רב איך וועל דיר עפעס זאגען נאר זאלסט מיך פאלגען. נעם מיין זילבערנעם קאסטער פון מיין שטעקען. אונ מיינע פאר זילבערנע בתים פון מיינע תפילין. אונ מיין פוקסען פוטער. אונ דיין גאלדענעם קאנעק מיט דעם שוילשטיק. אונ דיא צוויא שנירלעך קרעל. אונ גייא אונ בארג דיר געלד. וועלען מיר זיא נאר צום ערשטען שיין בעקליידען. דען איבריג שיין איז זיא דאך ניט. אונ זעהר קלוג אויך ניט. אונ א שווארצע מאס נאקעט אונ בארוויס גייט זיא. נו ווער זאל זיא וועלען נעמען? אונ אז זיא וועט זיין זעהר שיין באקלייד וועט זיא דאך אנדערש אויסזעהן. וועט זיך געשווינד טרעפען איין שידוך.

דיא רעבעצען איז געגאנגען אונ זיא האט פערזעצט דיא משכנות אונ געבארגט ק"ן זהובים. דאס איז הונדערט אונ פופציג גילדען. האט דער רב געזאגט מען זאל זיא הערליך באקליידען. ביז פופציג גילדען זאל מען זיא באקליידען. זיא זאל זיין באקלייד פון קאפ ביז פוס. אונ אויך א נגידישען נדן וועט זיא האבען. דיא גאנצע הונדערט גילדען וועל איך איהר געבען

געבען נדן. דאָס זיא זאָל זיך ניט האָבען צו שעמען צווישין אַללע נגידישע מיידלעך פון גאַנצען שטעטיל. הן מיט מלבושים והן מיט נדן, זאָ וועט זיך שוין אַ שידוך אויך טרעפען.

מען האָט אַזוי געטוהן. מען האָט איהר געמאַכט אַ שיין קלייד פון באַשטשיג. צו דריי פייעס איין אייל. אַ פּאָר העמדער. פּאַר זעקס פּייעס אַ פּאָר שיך, אַ רויטע פּאַרטשיילע. אַ פּאַרטוך. בקיצור מען האָט דעם בערענטרייבער באַקלייד. האָט זיא אויס געזעהן וויא דער שעיר המשתלח. אונ האָט געהאַט אַ חן וויא אַ שור הנסקל.

אונ וויא זיא וואַר שוין זאָ הערליך באַקלייד. זאָ האָט דער רב געזאָגט נו געלויבט איז השי״ת זיא איז ב״ה זעהר נגידיש באַקלייד אונ איהר נגידישער נדן איז ב״ה גרייט

יעצט לאָזען מיר קלערען פאַר איהר אַ שידוך. ויען עס וועט אויך ניט זיין איין חתן פון שפּיז מעסער. וועל איך אויך חתונה מאַבען.

זאָ האָבען זיך אַנידער געזעצט דער רב, דיא רעבעצען. דער בית דין משמש, אונ דער שוהל משמש. דער שוהל קלאַפּער. דער תלמוד תורה מלמד. דער מקיה׳ניק. ר׳ נחום טרייביטשער, ר׳ טראַטעל נאמן פון דיא יאַטקע. אונ נאָך עטליכע זאָלבע גרויסע חכמים אונ האָבין געקלערט אונ עצות געהאַלטען וועגען אַ שידוך פאַר דיא בהמה. מען האָט אָבער נאָר ניט ערקלעהרט. דען ווען מען האָט געוואָלט רעדען דעם שידוך מיט דער מלכה שבא. האָט דער שדכן מורא געהאַט אַהין צו גיין דעם אַנשלאַק צו געבען. דאָס יענער זאָל איהם ניט אַריים ברייהען. אָדער דעם קאָפּ צוהאַקען פאַר זיין שדכנות.

אין דעם זעלבען שטעטיל האָט זיך געפונען אַ יונג. ער האָט געהייסען שמעון. נאָר מען האָט אויף איהם געשריגען שימבע. אונ ווייל ער איז געגאַנגען נאַקעט אונ באָרוועס. נאָר מיט אַ שטיקעל פלאַבטע צוגעדעקט זיין לייב. זאָ האָט מען אויף

איהם

אִיהם גֶעשׁרִיגֶען שִׁימְבֶּע פְלאַכְטֶע. אִיהם האָט דִיא גאַנצֶע שׁטאָט גֶעקֶענט. דֶען עֶר וואַר אַיין וואַסֶער טרֶעגֶער. עֶר האָט זַיין אַייגֶענס גֶעהאַט אַ פָּאָר שׁאָנגֶעס. מִיט אַ פָּאָר קאַנֶען. אִין מִיט דֶעם שׁטִיקֶעל פְלאַכְטֶע וואָס עֶר אִיז גֶעוועֶן אַיינגֶעהִילט. דאָס וואַר זַיין גאַנץ פֶע־מֶעגֶען. עֶר וואַר קַיין גרוֹיסֶער חכם אוּנ קַיין קְלַיינֶער נאַר. עֶר האָט קַיין שׂכל גֶעהאַט צוּ קַיין שׁוּם זאַך נאָר צוּ עֶסֶען אוּנ צוּ וואַסֶער טראָגֶען. עֶר האָט גֶעטראָגֶען זֶעקס קאַנֶען וואַסֶער פַאר אַ שׁטִיקֶעל בּרוֹיט. אוּנ גרוֹיס אוּנ קְלַיין אוּנ יוּנג אוּנ אַלט האָבֶּען אִיהם גֶעקֶענט. אוּנ זַיין מנהג וואַר אַזוֹי. אַלֶע דאָנֶערשׁטאָג בַּייא נאַכְט אוּנ אַלֶע עֶרב יו"ט האָט עֶר בַּייא דִיא דִינְסט מֵיידֶען גֶעטראָגֶען וואַסֶער. אוּנ זאַמד. אוּנ עֶר האָט גֶעהאָלפֶען אָנרַייבֶּען דִיא לַייכְטֶערס. דִיא גאָפֶּעל מֶעסֶער. פַאר דֶעם האָט עֶר גֶעקְרִיגֶען אַ ווִיסגראָבֶּעק. עֶר האָט אַ גאַנץ יאָהר גֶעטראָגֶען וואַסֶער אוּנ גֶעהאַקְט האָלץ בַּייא אַיין בֶּעקֶער פַאר דֶעם האָט מֶען אִיהם גֶעלאָזְט שׁלאָפֶען אוֹיף דֶעם פִּיעֶקֶעלִיק. אוּנ ווֶען עֶס וואַר אַיין חתונה אָדֶער אַיין סעוּדה זאָ האָט עֶר גֶעאַרבַּייט ווִיא אַ פֶערד וואַסֶער גֶעטראָגֶען האָלץ גֶעהאַקְט. פַאר דֶעם האָט מֶען אִיהם גִיגֶעבִּין דִיא טֶעלֶער אָבצוּלֶעקֶען. זוּמֶער אוּנ ווִינְטֶער אִיז עֶר גֶעגאַנגִין נאַקִיט אוּנ בָּארוּוִיס. נאָר שׁטֶענדִיג אַייַנגֶעהִילט אִין זַיין שׁטִיקֶעל פְלאַכְטֶע. אוּנ אַנדֶערְשׁ האָט מֶען אִיהם נִישְׁט גֶערוּפִין נאָר שִׁימְבֶּע פְלאַכְטֶע.

אוּנ ווִיא דֶער רב מִיט זַיין סֶעסִיעֶ זֶענִין גִיזֶעסִין אוֹיף דֶעם קאָנקוּרס. אוּנ האָבִּין גֶעקְלֶערְט ווֶעגִין אַ שִׁידוּך פַאר דֶער שַׁיינֶע בהמה. זאָ אִיז דֶעם שׁוּהל קְלאַפֶּער אַייַנגֶעפאַלִין דֶער שִׁימְבֶּע פְלאַכְטֶע ווֶעט פּוּנקְט פַּאסִין צוּ זַיין אִיהר חתן. מתחלה האָבֶּען אַלֶע אָנגֶעהוֹיבִּין צוּ לאַכִין. דֶער נאָך אָבֶּער האָבִּין זֵייא זִיך מיישב גִיוועֶזִין דאָס עֶס ווִירד נאָך זַיין אַיין גרוֹיסֶע מצוה. דֶען עֶר אִיז שׁוֹין אַלט פֶערצִיג יאָהר. אוּנ אִיז נֶעבֶּעך נאַקֶעט אוּנ בָּארוּוֶעס. ווֶער ווֶעט אִיהם נֶעמִין? אוּנ זִיא ווֶעט אוֹיך קֵיינֶער נִיט

ניט וועלין נעמין. אלסדאן האבען אלע מסכים געוועזין אויף דעם שידוך. נאר דאך האבין זייא מורא געהאט צו גיין צו שימכע. אנשלאגין דעם שידוך דאס ער זאל זייא נישט געבין א שווארצין סוף. זא האט דער רב געזאגט צו זיין משמש גייא אונ רוף שימכען א הער צו מיר. אונ זאג גאר ניט נאך וואס. דער משמש איז געגאנגין אונ זאגט צו שימכען. דער רב האט געהייסין דיא זאלסט קומען.

וויא דער משמש איז געגאנגין צו שימכען האט דער רב דערוויילע געהייסין דאס דיא רעבעצין זאל באקליידין דיא כלה מויד דיא נייע הערליכע מלבושים וואס מען האט איהר געמאכט אז שימכע וועט קומין זאל זיא שוין זיין בעקלייד פון קאפ ביז פוס. מען האט אזוי געטוהן. שימכע פלאכטע איז געקומין איינגעהילט אין זיין פלאכטע אונ דיא שאנגעס מיט דיא קאנין אויף דיא פלייצים. וויא ער איז אריין געקומין צום רב אין דער פאדער שטוב אונ האט געוואלט אריין גיין צום רב. זא זאגט דיא רעבעצין צו איהם ער זאל איבער לאזין דיא שאנגעס מיט דיא קאנין אונ דיא פאדער שטוב. דען עס פאסט ניט אריין צו גיין צום רב מיט דיא קאנען. זא וויל ער ניט אונ זאגט דאס איז מיין גאנץ פערמעגין. קען איך דאס ניט איבער לאזין. אונ ער נעמט זיך דיא שאנגעס מיט דיא קאנין אויף דיא פלייצעס אונ גייט אריין צום רב.

דער רב גיבט איהם א שיינעם ברוך הבא אונ זאגט צו איהם הער נאר מיין ליבער שימכע. פאר וואס טוכט דיא ניט קיין שידוך? איז דען דאס א שטייגער א מענטש זאל זיצען פריילייגדיג. בייא אונז יודען טאר מען ניט אזוי. יעדער יוד מוז נעמין א ווייב.

ענטפערט שימכע מיט זיין גראב פויערישע קול. רבי! רבי! איך האב געמיינט איהר זענט קלוג ווייל איהר האט א מאדערנעם לעפעק. לסוף זענט איהר גאר א בהמה. אונ איהר רעדט וויא א שוואנץ

אַ שוואַנץ מלמד. גאָר אָהן שכל. הערט נאָר. איהר זאָגט אַז איך זאָל אַ שידוך טוהן נו נו. ווער וועט דאָס מיך וועלין נעמען? אַפילו איינע פון מיסט אַראָפּ וועט מיך אויך נישט נעמין. אונ ער רעקט זיך אויף דאָס שטיקעל פלאַכטע אונ ווייזט דעם רב דאָס ער איז נאַקיט. אונ זאָגט. זעהט איהר איך בין נאַקיט איך האָב ניט מעהר אין מיין פערמעגין וויא דאָס שטיקעל פלאַכטע מיט דיא קאַנין. איין גראָשין געלד האָב איך ניט. אונ דאַווינין קען איך ניט וויא אַם בעסטען. דען ווען מיינע עלטערין זענין געשטאָרבין בין איך געוועזין אַ קינד. ט ווער וועט מיך וועלין נעמען?

זאָגט דער רב. זעהסט דיא שימכע איך האָב פאַר דיר איין גאַנץ שיינע נגידישע כלה מיט זעהר פיל געלד. אונ ער גיבט אַ ווינק צו דיא רעבעצען. האָט זיא דיא נגידישע כלה אַריין געבראַנגט. איינגעהילט אין אַ רויטע פאַטשיילע וויא איין אינדיק. אונ דער רב האָט געוויזין שימבען דיא שיינע פיגור. אונ האָט געזאָגט. זעהסט דו אַזוי איין שיין מיידעל וויא זיא איז. דאָס איז איין זעלטענהייט צו געפינען. בעטראַכט דיר נאָר זיא. זעה נאָר איהר הערליך בעקליידונג. אונ זיא האָט אויך איין אוצר געלד איהר אייגענס. אונ דער רב מאַכט אויף אַ שיפלאָד פיל מיט קופער געלד דאָס זאַר דיא הונדערט גילדען ברן. אונ ווייזט איהם אונ זאָגט זעהסט די. אונזער שררה וואָס דיא שטאָט איז זיין האָט ניט אַזוי פיעל געלד.

וויא שימכע האָט דער זעהן דיא נגידישע כלה מיט דעם אוצר געלד. זויא האָט ער אַ שפרונג געטוהן צום רב. אונ האָט געשריגען. רבי! רבי! שוין. שוין. איך וויל זיא שוין נעמען פאַר אַ ווייב. איך האָב איהר ליב.

זאָגט דער רב נייַן מיין קינד. יעצט קען מען מאַכין איין תקיעת כף. אונ איך וועל דיך אַ ביסעל באַקליידען. אונ דער נאָך

נאָך ווירד מען מאַכען תנאים צו מזל. אונ דער נאָך וועסט די
מיט איהר חתונה האָבען ווירד זיא זיין דיין ווייב.

זאָגט שימכע. נייַן רבי גיבט מיר זיא ערשט פאַר אַ ווייב
אונ איין אַנדערט מאָל ווירד מען תנאים שרייַבען. בקיצור דער
רב האָט געשיקט נאָך דעם חזן. אונ נאָך איין עולם. אונ מען
האָט צונאַנד געשאַפט פון שטעטיל איין אַלט מלבוש. אַ העמד.
אַ פּאָר הויזען. אַ פּאָר שיך מיט זאָקען. איין קאַפּעליש.
אַ גאַרטעל. אונ מען האָט שימכען באַקלייד פון קאָפּ ביז פוס.
אונ מען האָט צו גרויס מזל תנאים געשריבען. אונ דער רב
האָט געגעבין שימכען צווייא גילדען ער זאָל דיא כלה געבין
חתימה געלד. אונ איהר האָט ער געגעבען צוועלף איילען אַנקע
זיא זאָל דעם חתן געבין אַ מתנה אויף אַ שבת מלבוש. אונ מען
האָט געמאַכט זעהר אַ פּרייַלעכע תנאים. אונ דיא חתונה האָט
מען אָבגעלייגט אויף אַ גאַנץ קליינע צייט אונ פון דיא אַנקע
האָט מען געמאַכט דעם חתן אַ חתונה מלבוש.

אין עטליכע טעג פאַר דיא חתונה. איז דיא רעבעצען
מיט נאָך עטליכע פרומע ווייבער געגאַנגין אונ דיא הייזער.
אונ האָבען צונאַנד גענומען עטליכע העמדער אונ עטוואָס
באַקליידונג פאַר דעם חתן אונ פאַר דיא כלה. אונ יעדע יודענע
האָט געגעבען אַ ביסעל פערערען; אונ מאַנכע האָט געשענקט
איין אַלטע ציך. מאַנכע איין אַלטע איינשיט ביז עס איז
געוואָרין בעטגיוואַנט פאַר דעם חתן מיט דיא כלה.

דעם שבת פאַר דיא חתונה האָט דער רב געלאָזט אויס
רופען דאָס יעדער איינציגער זאָל קומען אויף דיא חתונה. אונ
עס איז אויך אַזוי געוועזען. דאָס גאַנצע שטעטיל גרויס אונ
קליין. אָרעם אונ רייַך זענען געקומען. מאַנכע זענען געקומען
אויף איין טעאַטער צו לאַכען. מאַנכע זענען באֶמת געקומען
לשם מצוה. בקיצור עס איז אפילו קיין קונד אונ דער הייִם
געבליבען. נאָר אַלע זענען געקומען אויף דיא חתונה.

צום

צום דרשה געשאַנק האָבען מענטשען געשענקט אַ קאָרץ קאַרטאָפּעל. אונ מאַנכער אַ פּערטיל אַרבּיס. מאַנכער הירז. מאַנכער קאַשע. מאַנכער אַ האַלבּין גאַרניץ פּוטער. איינער פון דעם עולם האָט געשענקט אַ האַלב יאָהר דירה. בקיצור עס איז צונאַנד געקומען עסענוואַרג אויף אַ האַלב יאָהר. אונ דירה האָבען זייא אויך געהאַט אויף אַ האַלב יאָהר. אונ דיא פרומע וויבּער האָבען צונאַנד געשלעפּט איין אַלט שענקעל. אַ בּענקעל. אַ שעפעל. אַ בּיסעל גיפּעס מילכיגס מיט פליישיגס. עס האָט גאָר ניט געפעהלט. דען אפילו דיא מענטשען וואָס זענען געקומען ניט לשם מצוה נאָר אויף אַ געלעכטער פון דעסטוועגין האָבען זייא זיך געלאָזט קאָסטען. דען פון איין דבר מצוה איז זיך דאָך איין יוד ניט פּורש. בקיצור עס איז געוועזין זעהר איין פריילעכע חתונה אונ מען האָט געטוהן וואָס נאָר מעגליך וואַר. אַז דאָס יונגע פּאָר פּאָלק זאָל גוט בּעהאַנדעלט ווערען.

אונ דער רב האָט איין בּעפעהל געמאַכט דאָס קיין מענש זאָל ניט געניסען פון שימכען קיין קאַן וואַסער בחנם אונ ניט געבען פאַר זעקס קאַנען וואַסער אַ שטיקעל בּרויט. נאָר יעדער בעל הבית זאָל געבּין אומוויינינגסטען פאַר יעדער קאַן וואַסער איין גראָשין. דען ער האָט דאָך שוין איין ווייב מפרנס צו זיין. בקיצור דער רב מיט דעם שטעטיל האָבען געטוהן אַלדעס מעגלעכקייט אונ פאַר זאָרגט דיא בּיידע יתומים דאָס זייא זאָלען האָבען פּרנסה.

מאָרגען פריה נאָך דיא חתונה האָט דער רב געמאַכט איין פריהשטיק פאַר דעם יונגען פּאָר פּאָלק אונ מען האָט זייא אַריין געפיהרט אין זייער אייגענע דירה. אונ דיא פרומע וויבּער האָבען אַלץ פערשאַפט צום ווערטשאַפט וואָס מעגליך וואַר. אונ אַלע טאָג פון דיא שבעת ימי המשתה האָט איין אַנדערער בעל הבית געמאַכט אַ סעודה.

וויא דיא שבעת ימי המשתה האָבען זיך שוין אויסגעלאָזט

אַזוי

אַזוי האָט דער רב געלערינט שימכען ער זאָל דאָס ווייב גוט באַהאַנדלען. אונ דיא רעבּעצען מיט נאָך אַנדערע פרומע ווייבער האָבען זיא געלערינט וויא זיא זאָל זיך נוהג זיין הן מיט יודישקייט. והן מיט איהר מאַן זיא זאָל גוט ווערטשאַפט פיהרען. אונ זייער אוצר קופּער געלד דיא הונדערט גילדען האָבען זייא געהאַט בייא זיך איינגעשלאָסין אין קאַסטען.

ר' שימכע פלאַבטע מיט זיין מאַדאַם וואַרין יעצונד גליקלעכער וויא רויטשילד. דען לעבּמיטעל האָבען זייא געהאַט פּאָרראַטה אויף עטלעכע חדשים. אונ דירה פרייא אויף אַ האַלב יאָהר. אונ אַזוי פיעל געלד אין באַארען וויא איין באַנקיער. זייא האָבען זיך איינגעשמוסט יעצט ווען מיר ערשט לעבען מיט חשק.

אַלזאָ האָט זיך ר' שימכע גענומען צום תכלית. אונ ער האָט געזאָגט צו זיין מאַדאַם. מיין ליב ווייב אַלץ געפעלט מיר גוט. נאָר איין זאַך געפעלט מיר ניט. דיא זאָלסט וויסען דאָס דיא טעפּ מיט דיא שיסלען געפעלען מיר ניט זייא זענען גוט פאַר קלייגע קונדער אָבער ניט פאַר אונז. אַלסדען גייא אונ מאַרק אַריין אונ ברענג דיא אַלע גרעסטע טעפּ מיט שיסלען מיט רוניצעס וויא עס פאַר אונז זאָל פּאַסען. דיא מאַדאַם פלאַבטע האָט זיך ניט געלאָזט צווייא מאָל רעדען אונ איז געגאַנגען אונ האָט געברענגט טעפּ פון צווייא שטאָק הויך. שיסלען וויא דיא שעפער אונ רוניצעס וויא דיא צעבערס. אונ מען האָט געקאָכט אויף איין מאָל צווייא דרייא טעפּ צווייא שטאָק הויך אונ זייא האָבען זיך ניט איבער גענעסען, אונ וויא באַלד מען האָט נאָר דאָס אויף געגעסען. זאָ פאָרט האָט מען ניט לאַנג געוואַרט. נאָר מען האָט ווייטער געטראַכט אויף תכלית דאָס מען זאָל שוין צושטעלען צו קאָכען אַנדערע טעפּ. מען האָט ניט לאַנג מפסיק געווען פון איין קאָכען צום צווייטין. דען ווען וואַרען אַזוי וואויל וויא דעם הערר פלאַבטע מיט זיין מאַדאַם.

בקיצור

בקיצור דאָס ווערטשאַפט איז אַזוי געפיהרט געוואָרען עטליכע וואָכען, ביז דיא מאַדאַם האָט געזעהן דאָס עס גייט אַראָפּ פון קויש עס ווירד וואָס אַ מאָל וועניגער. זאָ האָט זיא צו איהם געזאָגט. מיין ליבער מאַן נעם דיא שאָנגעס מיט דיא קאַנען. אונ גייא אין שטעטיל טראָגען וואַסער וועסטו פערדינען. ווירד מען דאָס געלד פון פערדינסט האָבען גרייט, אונ ווען אונזער עסענוואַרג מיט אונזער געלד וועט זיך האָבען אויסגעלאָזט וועלין מיר פון דעם פרישען געלד ווידער קויפען צו עסען ווען אָבער דיא וועסט ניט פערדינען, אונ דאָס ביסעל וואָס מיר האָבען ווירד זיך אויס לאָזען. זאָ וועלען מיר שפּעטער מוזען הונגער ליידען.

ר' שימבע האָט דאָס געהערט. האָט ער צו איהר געזאָגט. „מיין ליב ווייב”. האָב איך דען תתונה געהאַט דאָס איך זאָל וואַסער טראָגען? איך האָב שוין גענוג וואַסער געטראָגען פון קינדהייט ביז צו דיא חתונה. מיינע פּלייצעס קענען שוין דיא שאָנגעס מיט דיא קאַנען ניט ערטראָגען איך האָב געמיינט אַז איך וועל חתונה האָבען וועל איך שוין ניט ברויכען אַזוי שווער צו אַרבייטען. ווען איך מעבט דאָס וויסען. מעבט איך ניט חתונה געהאַט.

זאָגט זיא ניין מיין ליבער מאַן, יעדער מענש מוז אַרבייטין ווער עס אַרבייט ניט דער האָט ניט צו עסען. זאָגט ער פאַר וואָס דער רב וואָס דיא ביזט בייא איהם געוועזען ער אַרבייט דאָך גאָר ניט אונ ער האָט דאָך צו עסען, זאָגט זיא ער איז דאָך אַ רב אונ אַ גוטער יוד. אונ דיא ביזט קיין רב אונ קיין גוטער יוד. זאָגט ער דיא ביזט דאָך בייא איהם געוואָרען אויף געצויגען. ווייסט דיא דאָך זיין מנהג וויא ער איז זיך נוהג. זאָג מיר וועל איך אויך אַזוי טוהן וועלען מיר אויך האָבען פרנסה אונ איך וועל ניט ברויכען וואַסער צו טראָגען. זאָגט זיא ערשטענס גייט ער אין אַ ווייסע יובעצע. אונ געגאַרטעלט אין

א לאַנג

אַ לאַנג ווײַס האַנדטוך, אונ אַ גרויסען ספּאָדעק אויף דעם קאָפּ.
אונ אַ גרויסען שטעקען מיט אַ ווײַסען קאָפּ. איך ווײס ניט וואָס
דאָס איז. עס איז געווים פון בלעך. אונ ער זיצט איבער
אַ גרויסען לאַנגען סידור אונ שאָקעלט זיך אונ שרײַט. אונ אַז
ער דאַווענט לויפט ער אַ הין אונ אַ הער אונ פּאַטשט מיט די
הענד אונ מאַכט געוואַלטען דאָס מען הערט פון ווײַטען, אַזוי
קומען אַרײַן יודען אונ גיבען איהם געלד. אַזוי ברויך ער ניט
צו אַרבײַטען.

וויא ר' שימכע האָט דאָס געהערט. האָט ער געזאָגט
נישט קשה מײַן ליב ווײַב, דיא זאָלסט נאָר מיך פאָלגען וועל
איך אויך ניט ברויכען וואַסער צו טראָגען. אונ מיר וועלען
האָבען צו עסען אונ צו טרונקין נאָך בעסער וויא דער רב.
דען דיא זאַכען וואָס דיא רעכענסט מיר אויס. קען איך בעסער
וויא ער. דען פּאַטשען מיט דיא הענד קען איך בעסער וויא
ער. לויפען אַ הין אונ אַ הער קען איך אויך געשווינדער וויא
ער. אונ שרײַען קען איך אַז מען וועט מיך הערען פון איין עק
שטאָט צום צווייטען עק. נאָר בלויז דאָס אײנציגע וואָס איך
קען ניט אין דעם לאַנגען סידור. דאָס מאַכט ניט אויס. ווען
מען קען נאָר פּאַטשען מיט דיא הענד אונ לויפען אַ הין אונ
אַ הער אונ שרײַען אונ שאָקלען זיך איז שוין גאַנץ גענוג. ניט
קשה מײַן ווײַב מיר וועלען לעבען מיט חשק. נאָר פּאָ"ג מיך
גײַא אונ לאָז מיר מאַכען אַ ווײַסע יובעצע לאַנג אונ ברייט. אונ
פּאַרזאָרג מיר אַלץ וואָס דיא ווײסט וואָס דער רב האָט, אונ
עס וועט זעהר גוט זײַן.

דיא קלוגע מאַראַם האָט געפאָלגט אונ האָט געקויפט
ווײַסע ברײַטע קרעיעס אונ האָט געלאָזט מאַכען אַ לאַנגע יובעצע
מיט גאַנץ לאַנגע אַרבעל. מיט מעשענע האָקענס. אונ אַ ווײַס
האַנדטוך פון פינף אײלען פאַר אַ גאַרטיל. אונ זי האָט געוואוסט
דאָס בײַם רב אויף דעם בוידעם ליגט איין אַלטער ספּאָדעק
נאָך

נאָך פון תרח'ס צײַטען. איז זיא געגאַנגען אונ זיא האָט דעם ספּאָדעק געבּרענגט. אונ האָט גענומען דעם דראָנג פון דיא פּאָמיעטלע אונ האָט פון איבען געלאָזט מאַכען בּײַא איין בּלאַבאַרז אַ ווײַסען בּלעכענעם קאָפּ. ר' שימבּע האָט זיך אָהן געטוהן דיא בּגדים. וויא ער האָט זיך דיא בּגדים אָן געמאָסטין. זאָגט ער צו איהר נו וויא מײַנסט די בּין איך שוין אַ פּאַרטיגער רב? זאָגט זיא יאָ נאָר אָבער אַ גרויסער לאַנגער סידור פעהלט נאָך? זאָגט ער גייא אַ היין צום רב דאָרט איז דאָך אַ גרויסע שאַנק פיהל מיט סידור'ס. זויא בּרענג צו שלעפּען אַ לאַנגען בּידור. נאָר ער זאָל זײַן גרויס אונ דיק. איז זיא געגאַנגען צום רב אונ האָט אַ וועק געגנביט איין גרויסע ש"ס גמרא. אונ האָט געזאָגט איך האָב דיר געבּרענגט אַ גרויסען סידור. יעצט פעלט דיר שוין גאָר ניט. זאָגט ער גוט מײַן ווײַב. יעצט קאָך נאָר אָן עטלעבע גרויסע טעפּ אַזוי וויא פאַר איין רב. עס וואַר אָבער שוין בּאַלד ניט דאָ וואָס צו עסען, עס וואַר נאָך אין גאַנצען אויף עטלעבע טעג. דען דאָס וואַר נאָך שבועות. דיא גרעסטע טעג אונ זייא האָבען זעקס מאָהל דורך יערען טאָג געקאָכט דיא גרויסע טעפּ. אונ אַ בּרונע שעפּט זיך דאָך אויך אוים. דאָך אָבער האָט זיא יעצט געקאָכט עטלעבע גרויסע טעפּ. ווײַל איהר מאַן איז דאָך שוין געוואָרען אַ רב. וואַר זיא דאָך שוין זעכער דאָס עס ווירד איהר שוין קיין פּרנסה ניט פעהלען. זיא האָט אָנגעקאָכט. זייא האָבען זיך פעסט אָנגעגעסען וויא דיא לעשניצעם.

יעצט האָט זיך ר' שימבּע אָנגעטוהן דיא ווײַסע סובּע מיט דעם וואָלקען בּראָך ספּאָדעק אויף דעם קאָפּ. אונ דעם פּאָמיעטלע דראָנג אונ דיא האַנד. אונ האָט זיך געזעצט בּײַם ס:יש נעבּען פענסטער אונ האָט אויף געמאַכט דעם גרויסען סידור אונ האָט זיך געשאָקעלט וויא אַ קרחת. אונ האָט זיא געהייסען אַרוים גיין זעהן אויב עס קומען שוין מענשען מיט געלד. זיא

שטייט

שטייט אונ דרויסען אונ ער שאקעלט זיך יאק שאקלען טאק שאקלען קיין הונד קומט אויך ניט. בקיצור ער האט זיך עטליכע טעג נאר געשאקעלט. קיינער איז אבער ניט געקומען. אונ דאס נאכט עסען וואס זייא האבען יעצט געגעסען וואר שוין דאס לעצטע ביסעל גרייפלעך. מעהר איז שוין ניט געוועזען אין זייער הויז נאר א קליין ביסעל קארטאפלעס. אויף מארגען אויף איין אנבייסען.

וויא זייא האבען אויף געגעסען דאס נאכט עסען. האט זיא געזאגט וואס וועלען מיר ווייטער טוהן? מיר וועלען מארגען פריה אויף עסען דאס לעצטע ביסעל קארטאפעל וועלען מיר מוזען הונגער ליידען. דען מיר וועלען שוין ניט האבען וואס צו עסען. דיא זעהסט דאך דיא שאקעלסט דיך אונ שאקעלסט דיך אונ עס קומט דאך קיינער ניט. זאגט ער מען ווייסט דאך נאך ניט פון מיר אז איך בין א רב. עס האט מיך דאך נאך קיינער ניט געזעהן אין רבנישע מלבושים איך וועל מארגען גיין דאווענין אין בית המדרש אריין וועט מען מיך זעהן יועט מען שוין צו מיר קומען. נאר געדענק אז איך וועל א וועק גיין דאווענען זאלסט דיא ניט דערווייל אויף עסען דיא גאנצע קארטאפעל. זאגט זיא ניין איך וועל אב קאכען אונ וועל דיר איבער לאזין. נאר אז דיא וועסט דיך לאנג זוימען וועט מיך הונגערין וועל איך אין גאנצען אויף עסען. דען עס איז ווייניג דא. אונ איך קען ניט קיין נויט ליידען.

מארגען פריה האט זיך ר' שימכע אויף געהויבען אונ האט זיך אנגעטוהן זיין גרויסען ספאדעק מיט דיא ווייסע לאנגע יובעצע מיט דיא ברייטע ארבעל וויא א זאק. א לאנג ווייסען האנדטוך ארום געגארטעלט. אונ א פאמיעטלע דראנג אין זיין האנד. דעם טלית ותפילין אונטער דעם ארעם. אונ נאך א מאל אנגעזאגט זיין ווייב זיא זאל ניט ח"ו אויף עסען דאס גאנצע אנבייסען. אונ איז א וועק געגאנגען.

זויא

וויא ער איז געקומען אין מארק אריין. איז געוואָרען א גרויס געלויף אונ א שרעקליך געשריי. מען האָט געמיינט א טייוועל גייט. וויא מען האָט דער זעהן אז דאָס איז שימביגע פלאַבטע זאָ איז געוואָרען א גרויס געלעכטער אונ א גרויס געשריי. דיא גאַנצע שטאָט יונג אונ אַלט זענען געקומען צו לויפען. ער האָט זיך ניט געקאָנט אָביאָגען פון זייא ער איז קוים מיט דעם לעבען ענטקומען אונ איז געלאָפען אין בית המדרש אריין.

וויא דיא בחורים מיט דיא בית המדרש לייט האָבען איהם דער זעהן, זאָ קען מען זיך גוט מערקען וואָס דאָרט האָט זיך געטוהן. וואו נאָר איין אַלטער קאַפעליש. איין פאַנטאָפעל. איין לאַטש. א סמאַטע. האָט ער אַלץ געקריגען אונ זיין קאָפ. ער איז קוים מיט דעם לעבען ענטקומען אויס דעם בית המדרש וויא ער איז אַרויס געקומען. זאָ האָבען שוין אויף איהם געוואַרט א גאַנצע מחנה לאָבוסעס יונגע אויך אַלטע. דיא געוואַלטען מיט דיא געלעכטער וואַר זעהר שרעקליך. ער האָט געוואָלט דאַוונען נאָר ער האָט זיך ניט געקענט אָביאָגען. ז״א איז ער אַנטלאָפען אונטער דער שטאָט. זייא האָבען איהם א שטיק וועג נאָך געיאָגט. אונ ער איז זעהר ווייט אַנטלאָפען ביז צום וואַלד. עס וואַר פינף וויאָרסט אונטער דער שטאָט. דיא נאָביאָגערס דיא לאָבוסעס זענען צוריק געגאַנגען אונ ער איז געלאָפען א שטיק אין וואַלד אַריין אונ האָט געלייגט טלית אונ תפילין אונ האָט זיך איינגעהילט אין טלית איבער דעם קאָפ אונ דיא ווייסע יובעצע האָט אַרויס געפינקעלט. אונ האָט זיך געשטעלט ביי א גרויסין בוים אונ האָט זיך זעהר געשאָקעלט אונ געדאַוונט.

דער שררה וואָס דאָס שטעטיל איז זיין געוועזען, וואַר א גרויסער גראַף אונ האָט געהאַט זעהר פיל דערפער אונ שטעדט. אונ וואַר אויך איין גרויסער מיניסטער. ווען עס איז געוועזען איין קאָנקורס ביים מלכות האָט מען נאָך איהם געשיקט.

אונ

און דער שררה האָט געוואָהנט עטלעכע וויאָרסט פון דעם וואַלד. ער האָט זעהר געליבט צו רייטען אויף דיא יאַכט דאָס הייסט צו רייטען אין וואַלד און שיסען חיות און ער האָט געהאַט איין רייט פערד וואָס עס איז געוועזען ביי איהם געשעצט וויא דאָס אויג אין קאָפּ. וויא ער איז אין וואַלד געריטען שיסען חיות האָט ער דאָס פערד אָנגעבונדען ביי איין בוים. און ער איז מיט זיין ביקס געגאַנגען אין וואַלד שיסען. וויא ער איז שוין צוריק געגאַנגען און האָט געוואָלט אַהיים רייטען. זאָ איז דאָס פערד שוין ניכט דאָ געוועזען. עס האָט איהם זעהר געקרענקט. און ער איז געלאָפען אין וואַלד אַריין זוכען זיין פערד. ער וואַר זעהר ערהיצט. דען עס וואַר דעם טאָג זעהר אַ גרויסע היץ. וויא ער האָט געזוכט האָט ער פון וויטען דער זעהן איין איינגעהילטען מענטש אין איין טלית און וויסען בעקליידט. און האָט זיך זעהר געשאָקעלט. און דער שררה וואַר זעהר געלערינט האָט ער געוואוסט פון דיא ביכער וואָס ער האָט געלעזען אין זיין ביבעל. דאָס פאַר צייטענס האָבען דיא גרעסטע לייט געלערינט און געדאַווינט אין דיא וועלדער. משה רבינו ע"ה האָט געלערינט אין וואַלד. דוד המלך ע"ה. אליהו הנביא. און נאָך גרויסע לייט נביאים. חכמים. תנאים. דיא אַללע האָבען געלערינט און געדאַוועגט אין דיא וועלדער. און וויא דער שררה האָט דאָ דער זעהן איין מענש איינגעהילט אין טלית ותפילין און אין וויסען באַקליידט. האָט ער געוואוסט דאָס מוז זיין זעהר איין גרויסער מאַן איין פערבאָרגענער צדיק. אָדער אַ נביא. ער האָט געוואַרט ביז ער האָט זיך אויס געדוקט שמונה עשרה. זאָ האָט זיך דער שררה געבוקט און גענייגט און האָט געפרעגט ווער ער איז. האָט שמכע געזאָגט איך בין דער פּאָדראַבין פון גאַרקאָוו. זאָגט דער שררה איך גלויב אַז דיא ביסט פון גאַרקאָוו. אָבער ניט איין פּאָדראַבין דען איך קען דעם ראַבין פון גאַרקאָוו. ער ברויך צו זיין דיין משרת. בקיצור דער

שררה

שרה זאָגט ליבער פּאָדראַבין איך וויים גוט דאָס ווען דיא קומםט אין וואַלד אַריין דאַוועגין זאָ ביסט דיא גאַנץ גרוים. איבייהל דיא ביסט איין פּאָדראַבין אָבער דאָס איז נאָר פאַר מענטשען זייא זאָלען ניט וויסען דעם אֶמת וויא גרוים דיא ביסט אַלס דען בעט איך דיך מיר איז הייטע אין וואַלד פערלאָרען געוואָרען איין פערד. וואָס איך מעגט ליבער איין דאָרף פערלירען. איידער דאָס פערד. אַלזאָ בעט איך דיך זאָג מיר וואו דאָס פערד איז.

שימבע איז געשטאַנען אין איין ציטערניש ער האָט מורא געהאַט דאָס זיין ווייב זאָל ניט דער וויל אויף עסען דעם לעצטין טאָפּ קאַרטאָפעל. האָט ער זיך זעהר געאיילט אַ היים צו לויפען האָט ער געוואָלט דעם שרה וויא אַם געשווינדסטען פּטור ווערען; זאָ זאָגט ער צום שרה לויף נאָר גאַנץ געשווינד צו יענעם עק וואַלד דאָרט שטייט דיין פערד ביא איין בוים אונ צווייא וועלף שטייען אונ ווילען עס צו רייסען עס לאָזט זיך אָבער ניט. נאָר עס איז שוין גאַנץ מיד. לויף געשווינד מיט די ביקס. איין וואָלף ווירסט דיא שיסען. אונ איין וואָלף וועט אַנטרונען ווערען פון דיין ביקס.

דער שרה איז גאַנץ געשווינד אַ הין געלאָפין. וויא דער שרה איז נאָר אַ וועק געלאָפען איז שימבע אויך גאַנץ געשווינד אַ היים געלאָפען. מעהר טויט וויא לעבעדיג. וויא ער איז אַ היים געקומען האָט ער זיך אַרונטער בעהאַלטען אונטער דעם בעט אונ האָט געזאָגט צום ווייב. זאָלסט דיך פאַר קיינעם ניט וויסען מאַכען אַז איך בין דאָ בּאַהאַלטען. דען מען ווירד באַלד קומען פון שרה אונ מען ווירד מיך אומברענגען. דען איך האָב דעם שרה גענאַרט. אונ פאַר צייטענס איז יעדער שרה געוועזען אין זיין שטאָדט וויא אַ מלכות וואָס ער האָט געוואָלט האָט ער געטאָהן.

זאָגט דאָס ווייב צו איהם. דיא שוטה קריך אַ פער פון

בעט

בעט און זעץ דיך אַנידער בײַם טיש. דען ערשטענס עס קען זײַן דאָס קיינער וועט ניט קומען. און אַז ח"ו מען וועט יאָ קומען וועט מען דיך אונטער דעם בעט אויך געפינען. בקיצור קוים מיט צרות און מיט לייד זיא האָט איהם אַ פער געקריגען פון בעט, ער האָט זיך געזעצט צום טיש. זיא האָט איהם געגעבען אַ שיסעל קאַרטאָפעל. עס איז אָבער ביטער וויא דער טויט שימכע קען ניט עסען דאָס האַרץ וואַר איהם זעהר פער ביטערט. און זײַן בויך וואַר איהם פערשלאָסען.

לאָזען מיר ר' שימכע פלאַכטע בלײַבען זיטצען. און מיר גייען צום שררה.

דער שררה איז אַ הין געלאָפען און יענעם עק וואַלד. און האָט געטראָפען אַלץ פונקט וויא שימכע האָט געזאָגט. דאָס פערד איז געשטאַנען מיט דעם קאָפ צו איין בוים. און צוויא וועלף זענען געשטאַנען און האָבען עס געוואָלט צו רייסען. און מיט דיא הינטער־פיס האָט זיך דאָס פערד געוועהרט קעגען די וועלף. עס וואַר אָבער שוין זאָ מיד דאָס דער שוים איז איהם גערונען פון פיסק. וויא דער שררה האָט דאָס פון ווייטען געזעהן, האָט ער גאַנץ געשווינד אויסגעשאָסען מיט זײַן ביקס האָט ער איין וואָלף טויט געשאָסען. און דער אַנדערער וואָלף איז אַנטלאָפען. זאָ האָט זיך דער שררה אויף געזעצט אויף זײַן פערד, און איז ניט אַ היים געריטען אין זײַן הויף אַרײַן נאָר אין שטעטעל אַרײַן און ער האָט צו זיך זעלבסט געזאָגט דאָס איז ניט קיין פאָרראַבין. דאָס איז איין פאָר פאַן באָג. און דאָס איז גאָר קיין מענטש נאָר איין מלאך. וויא וואויל איז מיר דאָס איך האָב זאָ איין מענטש וואוינען אין מײַן שטאָט. און וויא גליקלעך שעטץ איך מיך דאָס איך האָב זוכה געוועזען איהם צו זעהן. און מיט איהם צו רעדען. וואָס מיליאָנען מענטשען זענען דאָס ניט זוכה. און ער איז גאַנץ געשווינד געריטען. אין דיא יאַבט קליידער

קלײדער געקלײדעט אין שטאָט אַרײַן און איז גלײַך געריטען צום רב און איז אַרײַן געגאַנגען צום רב.

דער רב האָט זיך גענײגט דען ער האָט איהם געקענט, בפרט ער האָט ניט אײנמאָל בעקומען פון שררה אַ מתּנה. מענכעס מאָל עטלעכע פערטיל װײץ. מענכעס מאָל אַ קלאַפּטער האָלץ, װיא דער רב האָט דיא קאָמפּלימענטען געמאַכט פאַר דעם שררה. זאָגט דער שררה צום רב, איך בעט דיך מאַך קײן שום קאָמפּלימענטען. נאָר מיט דעם אױגען בליק שיק נאָך דעם פּאָדראַבין ער זאָל דיא מינוט קומען. דער משמש איז נעבעך געשװינד געלאָפען און האָט געבראַכט דעם ריכטיגען פּאָדראַבין. עס װאַר אײן אַלטער יוד אַ למדן. װיא דער שררה זעהט איהם, זאָגט ער טאָ ניע טען דאָס איז ניט דער. גײט און ברענגט מיר דעם ריכטיגען פּאָדראַבין. זײא שװערען אַז דאָס איז דער ריכטיגער פּאָדראַבין, און דער שררה איז געקומען אין כּעס אַרײַן און האָט געזאָגט איך פער לאַנג איהר זאָלט מיר אַ העכער פיהרען דעם ריכטיגען פּאָדראַבין איהר װײסט גוט װעלכען איך מײן. דער רב האָט דעם משמש גאַנץ געשװינד געשיקט נאָך דיא גרױסע לײַט און נאָך דיא דאָזערעס. זײא זענען געשװינד געקומען און האָבען זיך גענײגט פאַר דעם שררה. דער שררה האָט צו זײא אױך געזאָגט איך בעט אײַך אין גוטען עטץ זאָלט מיר שיקען נאָך דעם ריכטיגען פּאָדראַבין װען ניט זאָ װעל איך מיך אָן ענק נוקם ינוטר זײַן. זײא האָבען געשיקט װאו נאָר אײן למדן, אײן מלמד, אײן חסיד. האָט אַלץ געמוזט קומען. דער שררה האָט אָבער אױף יעדען בעזונדער געזאָגט. טאָ ניע טען. טאָ ניע טען. זאָ האָבען זײא איהם געפרעגט. יאַשניע פּאַניע װיא זעהט ער אױס האָט דער שררה געזאָגט עטץ זענט ניט װערט ער זאָל צו ענק קומען עטץ זענט ניט װערט צו זײַן זײַנע שטיװועל פּוטצער. ער איז אַ גרױס לײַט. און עטץ זענט קעגען איהם װיא בהמות.

ער

ער וויל אפילו ניט דאוועגען מיט ענק. ער לערינט אונ דאווינט אין דיא וועלדער. אונ אז עטץ ווירד מיר איהם ניט ווייזען זיעל איך ענק פארוויסטען אזוי וויא סדום. דער עולם איז געבליבען זעהר טרויעריג. מען האט זיך ניט געוואוסט קיין עצה צו געבען. אונ וואו עס האט זיך נאר איין למדן געפונען אין גאנצען שטעטעל וואר שוין דא. אונ דער שררה האט אלץ געזאגט טא ניע טען, נאר וויא דער שררה האט געזאגט דאס ער דאווינט אין וואלד. האט זיך דער בית מדרש משמש אן גערופען צום עולם שטילערהייט עס קען זיין ער מיינט שיכבע פלאבטע דען היינט האבען דיא בחורים איהם ארויס געיאגט אויס דעם בית המדרש. האט מען דער ציילט דאס ער איז געלאפען אין וואלד אריין, האט דער רב געזאגט צו דיא דאזארעס מען זאל מאכען איין פרוב אונ שיקען נאך איהם. האבען דיא דאזארעס געזאגט צום שררה. עס איז נאך דא אין שטאט איינער מיר וועלען נאך איהם שיקען עס קען זיין ער איז דער זעלבער וואס דיא מיינסט. זא איז דער משמש געגאנגען צו שיכבען אונ האט געזאגט ער זאל אהין גיין צום רב. דער שררה פון שטעטעל איז דארט אונ פער לאנגט איהם האט שיכבע בשום אופן ניט געוואלט גיין. וויא דער משמש איז צוריק געקומען אונ האט געזאגט ער וויל ניט קומען זא האבען דיא דאזארעס געזאגט צום שררה מיר האבען נאך איהם געשיקט אונ מיר האבען איהם געלאזט זאגט אז דיא ביסט דא, אונ ער וויל ניט קומען.

זאגט דער שררה ווען עס זאל זיין דער זעלבער וואס איך מיין. זא האט ער רעכט דאס ער וויל ניט קומען. דען איך בין ניט ווערט ער זאל צו מיר קומען. עטץ ווייסט גאר ניט ווער ער איז. איך ווייס יא. זא זאגט דער שררה צום עולם. פיהרט מיך אהין. זא האבען דיא נגידים מיט דיא דאזארעס מיט דעם רב דעם שררה אהין געפיהרט צו ר' שיכבע

פלאַכּטֶע. ר׳ שׁימבּע איז זיך געזעסען אין זיין ווייסע יופּעצע, מיט דעם טערקישען ספּאָדעק מיט דעם פּאָמיעטלע דראָנג בּיים טיש איבּער דעם גרויסען סידור אונ האָט זיך געוואָרפען ווי א קרחה, אונ פּאַר שרעק איז ער געווען ווייס אויסגעבּלאַסט ווי א מת. דער שררה איז פּאָר אויס געגאַנגען אונ זיי פון הינטען. ווי זיי זענען אַהין געקומען האָט דער שררה אויף געמאַכט די טיהר.

ווי דער שררה האָט איהם דער זעהן, זאָ האָט ער זיך באַלד אַראָפּ געחאַפּט דאָס היטעל אונ ער איז געפאַלען כורעים ומשתחוים כעבד לפני מלך, זיי האָבען דאָס געזעהן זענען זיי זעהר ערשראָקען אונ פער וואונדערט געבּליבּען, ווי דער שררה האָט געזעהן זיין בּלאַס פּנים אונ זיין פינסטער וואָהנונג אונ זיין טרויעריג ווערטשאַפט האָט ער זיך זעהר ערצערענט אויף דעם עולם, אונ האָט מיט גרויס צאָרען געזאָגט עטך זענט גנבים, מערדערס, שווינדלערס, ענקער געוואָנהייט איז שוין פון לאַנג ווער ניט קיין גנב קיין שווינדלער איז, אונ וועו איין עהרליכער וואָרהאַפטיגער גאָטס דינער איז דעם טוט עטך ערמאָרדען, אונזער העלפער האָט עטך איך ערמאָרדעט, ירמיה הנביא האָט עטך אין קאַלך גרוב אַריין געוואָרפען, זכריה הנביא האָט עטך אין בית המקדש געהרגת, ישעיה הנביא האָט עטך דאָס מויל אויפגעשניטען, אונ איהם ווילט עטך אַזוי טוהן, האָב ענק טויזענד שוואַרצע יאָהר, עטך וואָהנט אין פאָקאָיעס אונ איהם לאָזט עטך וואָהנען אין אַ הויז שטאַל איך וועל מיך אָהן ענק נוקם זיין זיין נקמה.

ווי די מאַדאַם פלאַכּטע האָט דאָס געהערט, האָט זי אויך גיעפינט איהר מויל ווי בּלעמ׳ס אייזעל אונ האָט געזאָגט (קיין ברבה אונ קיין מודה אני האָט זי ניט געקענט, נאָר פּויליש האָט זי יאָ געקענט) צום שררה אין זייערע אייגען; ניט גענוג מיר פּייניגען זיך מיט הונגער מיט נויט. אונ זיי

האָבּען

האָבּען אויף אונז קיין רחמנות ניט. זאָ איז נאָך מיין מאַן ניט זעכער מיט זיין לעבּען צו גיין אין דיא גאַס אַריין זייא וואַרפען איהם שטיינער אונ בית המדרש האָבּען זייא איהם געוואָלט אונ היינטיגען טאָג האַרגענען. אונ זיא האָט איהם געוויזען דאָס ביסעלע קאַלטע קאַרטאָפעל אונ האָט געזאָגט מעהר האָבּען מיר ניט אין הויז. אונ דאָס קען ער אויך ניט עסען ווייל זייא האָבּען איהם היינט אַזוי זעהר געפּייניגט.

וויא דער שרה האָט דאָס געהערט, איז ער ערצערענט געוואָרען וויא איין טיגער אונ האָט מיט דיא ציין געקריצט אויף דעם גאַנצען עולם. אונ האָט אַזוי געזאָגט איך רייט יעצונד אַ היים. אונ וועל באַלד צוריק קומען מיט אַ גראָמאַדע פייערען אונ וועל אייגעם ביים אַנדערען אין מיטען מאַרק לאָזען געבּען הונדערט שטריק. ווער עס האָט נאָר איהם אָן גערירט. אונ איך וועל מיך שוין צו ענק נעמען. אונ ער האָט אַרויס גענומען אויס זיין טאַש אַ גרויסע זיידענע סאַקווע מיט בלויזע גאָלדענע רענדלעך אונ האָט איהר געגעבּען. דען איהם איז ער ניט דרייסט געוועזען צו געבּען אונ האָט צו איהר אַזוי געזאָגט. דאָס געלד זאָלסט דיא באַלד אויס געבּען אויף עסענוואַרק. זאָלסט ניט זאָרגען אויף מאָרגען. וואָרען איך וועל מאָרגען אונ אֶפשר נאָך היינט דאָ זיין אונ וועל דיר שוין אַלץ פערזאָרגען. עס וועט דיר גאָר ניט פעהלען, אונ זאָלסט מיר אויף צייכענען דיא אַללע וואָס האָבּען היינט דיין מאַן געפּייניגט, אונ איך וועל זייא שינדען זייער הויט. אונ האָט זיך געבּיקט אונ האָט געקניט פאַר ר' שימכען אונ מיט גרויס אונטערטעהניגקייט אָבּ געזעגענט אונ אַ וועק געגאַנגען אונ האָט געזאָגט עטץ ווירד דאָ ניט לאַנג וואָהנען איך וועל אייך שוין בעזאָרגען הערלעבע פּאָקאָיעס וויא עטץ זענט ווערט.

וויא אַלע זענען אַ וועק געגאַנגען האָט דער שרה צו זייא געזאָגט. האָב איך ענק געזאָגט דאָס עטץ זענט ניט ווערט

דאָס

דאָס ער זאָל צו אײַך קומען. דען ער איז אַ גײַסט פון גאָט. און ווײַל עטץ האָט איהם געפײַניגט וועל איך ענק אויך פײַניגען און איז מיט גרויס צאָרען פון זייא אַ וועק געריטען. זייא זענען געבליבען זעהר פאַרשעמט און ערשראָקען. דען זייא האָבען פאַר דעם שררה מורא געהאַט וויא פאַר דעם מלאך המות און זייא האָבען גאָר ניט געוואוסט וואָס דאָ טוט זיך מיט ר׳ שימכע פלאַכטע.

אַלערוויַיל האָבען זייא מיט דעם רב איין עצה געהאַלטין מען זאָל אַהין גיין צו שימכען מיט זײַן ווײַב. מען זאָל זייא זעהר בעטען, דאָס זייא זאָלען בעטען דעם שררה ער זאָל זייא לאָזען גיין דען דער שררה קען אַלע אויס האַרגענען מיט די קינדער. וויא זייא זענען אַהין געקומען צו שימכען. איז אָבער אונמעגליך געוועזען צו רעדען מיט זייא דען די מאַראַם פלאַכטע וואַר פעריאַכמעט בײַם קוימען, זיא האָט שוין צו געשטעלט ציועליף דרייַא שטאָקעדיגע טעפּ מיט פלייש. קישקעס, קאַרטאָפעל. גרויפען. עס איז געוועזען אַ געקוואָקער אויף דעם קוימען וויא אין אַ בּרען הויז צווישען די קעסלען. און שימכע איז געזעסען אַ ספר זכרונות ער האָט דער מאַהנט וואָס נאָך מען ברויך צו קויפען צו די פרעס מאַשין. ער האָט געקוקט אויף דעם קוימען איז איהם זײַן האַרץ ערקוויקט געוואָרען, קוים זייא האָבען זוכה געוועזען מיט איהם צו רעדען, וויא זייא האָבען איהם געבעטען ער זאָל דעם שררה בעטען פאַר זייערט וועגען, האָט זיך בּלעס׳ס אייזעל אָן גערופען יאָ יאָ עטץ זאָלט איהם ווייטער ניט לאָזען גיין דורך די גאַס און עטץ זאָלט איהם ווייטער פײַניגען ער זאָל מוזען לויפען אין די וועלדער. זייא האָבען צו געשוואוירען אַז עס וועט איהם שוין קיינער קיין בייז וואָרט ניט רעדען און זייא וועלען אָן איהם נוהג כבוד זײַן. זאָ האָט שימכע צו געזאָגט דאָס ער וועט שוין דעם שררה בעטען פאַר זייערט וועגען. זאָ האָבען זייא זיך געזעגענט מיט

גרויס

גרויס כבוד אונ אַ וועק געגאַנגען . אונ דער רב מיט דיא גרויסע לייט האָבען זיך אָנגעקוקט איינער דעם אַנדערען אונ האָבען ניט געוויאוסט צו זייא זענען אין חלום צו זייא זענען וואַכענדיג . דען זייא האָבען דאָך דעם שימכען מיט זיין ווייב גוט געקענט . אונ דעם שררה האָבען זייא אויך געקענט דאָס ער איז אַ גרויסער חכם אונ זעהר גוט געלערינט . אונ אַ גראַף . זאָ האָבען זייא גאָר ניט געקענט פאַרשטיין וואָס דאָ טוהט זיך . דאָך האָבען זייא מורא געהאַט פאַר שימכען ער זאָל ניט הייסען זייא עפּיס שלעכטס טוהן .

וויא דער שררה איז אַ היים געקומען וואַר ער זעהער פּריילעך , דאָס גאַנצע פּנים האָט איהם געלויכטען פאַר פרייד . אונ דאָס ווייב דיא גרעפין מיט דיא קונדער האָבען איהם געפרעגט מיט גרויס כבוד וואו ער איז אַזוי לאַנג געוועזען ? ער האָט געמוזט געוויס זעהר אַ גוטע יאַכט האָבען . דאָס הייסט ער האָט געמוזט זעהר פיל היות שיסען דאָס ער איז אַזוי פריילעך . זאָ האָט ער געזאָגט ליב ווייב אונ ליבע קונדער . איך האָב הייטע געהאַט גליק אויף דיא יאַכט דאָס איז בייא מיר טייערער וויא מיין גאַנץ פער מעגען אונ וויא מיין גאַנצער רייכטהום . איך שעטצע מיך גליקלעכער וויא דיא גאַנצע וועלט . אונ דיא מעגסט דיך אויך שעטצען גליקלעך מיט דיא קונדער דורך דעם היינטיגען גליקלעכען טאָג וואָס איך האָב היינט געוואונען אויף דיא יאַכט . איך האָב היינט געפונען איין אוצר וואָס מיר וועלין גליקלעך זיין אויף אייביג איך האָב געפונען אין וואַלד איין מאַן וואָס ער איז איין פאָר פאַן באָג ער ווייסט איטליכע זאַך פונקט וויא דער ליבער גאָט זעלבסט ער איז דער גרעסטער למדן אונ דער גרעסטער חכם פון אַלע יודען אונ ער ווייסט וואָס טהוט זיך אויף דער ערד אונ אויף דעם הימעל אונ ער האָט איהר ערצעהלט דיא גאַנצע מעשה פון פערד מיט דיא וועלף .

וויא זייא האָבען דאָס געהערט האָבען זייא געזאָגט . פאַר

וואָס

וואָס האָסטו איהם ניט געפרעגט וואו ער איז צו פינדען. פיליבט וויסט דיא איהם אַ מאָל ב־ויבען? זאָ האָט ער געזאָגט איך האָב פלייסיג באַלמוטשעט אַ גאַנצען טאָג ביז איך האָב מיך ערוואוסט וואו ער וואָהנט אונ איך האָב מיט איהם גערעט אונ מיט זיין ווייב. אונ עס איז מיר זעהר שווער אָנגעקומען איידער איך האָב געוואָהר געוואָרען וואו איהם צו געפינען. דיא יודען האָבען מיר קיינער ניט געוואָלט ווייזען וויא ער איז עס קען זיין זייא ווייסען זעלבסט ניט פון איהם וועך ער איז אונ מאָרגען וועל איך מיט דיר אַריין פאָהרען צו איהם דיא זאָלסט איהם אויך קענין.

וויא דיא גרעפין מיט דיא קינדער האָבען דאָס געהערט, זאָ זענען זייא געוואָרען זעהר פריילעך. אונ האָבען שוין גיבעטין עס זאָל שוין טאָג ווערען. זייא זאָלען שוין קענען פאָהרען זעהן דעם פאָר פאַן באָג מיט זיין ווייב בקיצור זייא האָבען שוין קוים דער לעבט עס איז שוין טאָג געוואָרען, צייטליך פריה האָט מען געמאַכט דאָס פריהשטיק. אונ מען האָט געלאָזט שפאַנען פיער פערד אין אַ הערליכע קאָטש מיט אַלער האַנד צירונג אוים שאַמירט אין איין קאָטש איז געזעסען דער גראַף מיט דיא גרעפין. אונד דיא אוים געגעבענע קינדער בעזונדער אין איין קאָטש. אונ דיא פריילײדיגע קינדער אויך בעזונדער אין אַין קאָטש. אונ עטליכע גרויסע וועגען מיט תבואה מיט עיפות מיט קעלבער. אונ נאָך פיעל פערשידענע זאַבען אַלערלייא פרובטען. אונ זעהר פיעל פויערין. אונ מען איז געפאָהרען מיט גרויס הערליכקייט גלייך פאַר דיא טהיר פון ר׳ שימבע פלאַבטע.

דיא גאַנצע שטאָט האָט דער זעהן דיא קאָטשען. דען זייא האָבען ערקענט דאָס דאָ פאָהרט דער גראַף. האָבען אַלע געקוקט וואו אַ הין ער פאָהרט. האָבען זייא געזעהן ער פאַר פאָהרט פאַר שימבע פלאַבטע, דיא קאָטשען האָבען זיך געשטעלט פאַר

דיא

דיא טהיר אונ דער שררה מיט דיא קונדער זענען צו ערשט אַריין געגאַנגען דיא היטלעך אונ דיא הענד מיט גרויס כבוד. אונ יעדער האָט זיך גענייגט אונ געגעבען דעם הייליגען פאָדראַבין אַ קוש אין דיא האַנד. דער נאָך האָט דער שררה געבעטען ערלויבניש אונ האָט אַריין געפיהרט דאָס ווייב מיט דיא טעכטער יעדע בעזונדער האָט געגעבען דיא מאַראַם פלאַכטע אַ קוש אין דיא האַנד, אונ דער שררה האָט געזאָגט צו ר' שימכען. ער זאָל זיך אויס קלויבען וועלכע קאַמעניצע פון דער שטאָט ער ווינשט זיך אויס. זאָ איז געוועזען אין מיטען מאַרק אַ דרייא שטאָקעדיגע קאַמעניצע דאָס וואַר דיא שענסטע אונ גרעסטע קאַמעניצע פון דער גאַנצער שטאָט, זאָ האָט ר' שימכע זיך אויס געווינשען דיא קאַמעניצע. זאָ איז דער שררה באַלד געגאַנגען אונ האָט געקויפט דאָס הויז אונ באַלד פערשריבען בייַם רייעגט דאָס עס איז ר' שימכעס הויז אויף אייביג אונ מען האָט באַלד געקויפט זעהר הערליכעס מעבעל אונ מען האָט אויס געמעבעלט זעקס פאָקאָיעס מיט איין הערליכע קעך, אונ מען האָט אַריין געפיהרט ר' שימכען מיט זיין ווייב,

יעצט וואוינט שוין ר' שימכע אין זיין אייגענע קאַמעניצע מיט זעקס אויס געמעבעלטע פאָקאָיעס.

דער שררה האָט געשיקט נאָך זיין הויף שניידער, אונ האָט בעשטעלט מען זאָל ר' שימכען בעקליידען פון קאָפּ ביז פוס זעהר הערליך דאָס בעסטע זיידענציייג צו פינף אונ צו זעקס מלבושים אונ איין זיידענעם שלאָף־ראָק. אונ איין עכט זיידענע ווייס אַטלאַס יופּעצע אונ איין ווייס זיידענע גאַרטעל אונ עטליכע טהייערע פעלצען. אונ דיא שררה'סטע האָט זיך גענומען דיא מאַראַם פלאַכטע בייא דיא האַנד אונ האָט זיא געפיהרט צו איר הויף דאַמען שניידער אונ איז מיט איהר געגאַנגען אונ אַ געוועלב אונ מען האָט גענומען אויף אַלער האַנד קליידער אונ אויף גרעהט אונ אויף בעטגעוואַנד אַלץ זעהר הערליך, אונ בייַם

גאָלדשמיד

נאָלדשמיד האָט מען געקויפט אַלערלייא צירונג און דיא מאַדאַם שימכען וואַר איום געציערט וויא איינע פירשטין, און מען האָט געגעבען דיא מאַדאַם שימכען איין בעטעל מיט עטליכע הונדערט רענדלעך. און דער שרה מיט זיין ווייב האָבען צו ר׳ שימכען מיט זיין ווייב אַזוי געזאָגט, דאָס געלד זאָלט עטץ ענק ניט שפּאָרען עטץ זאָלט קויפען וואָס ענקער האַרץ וועט בעגערען עס וועט ענק קיין געלד ניט פעהלען איך וועל ענק אַלע וואָך שיקען. און מען האָט איבער געלאָזט צווייא פויערין צו בעדינען און צו בעהיטען דעם הויף. דיא צווייא פויערען האָט מען געגעבען אַ קליין שטיבעל אין דער הויף צו וואָהנען. תבואה מיט קעלבער און עופות. און דער שרה האָט איבער געלאָזט ר׳ שימכען זיין גאָלדענעם טאַשען זייגער, און זיין ווייב דיא גרעפין האָט איבער געלאָזט זעהר פיעל מתנות דיא מאַדאַם שימכען און זייא האָבען זיך מיט גרוים ־רך אֶרץ געזעגענט און אָנגעזאָגט דיא צויזיא פויערען זייא זאָלען זעהר טרייא זיין, און זענען אַ היים געפאָהרען.

וויא דער שרה איז אַ היים געקומען האָט ער פאַר גרוים פרייד געמאַכט אַ גרויסען באַל, און האָט צו נאַנד גערופען אַלע משרתים און אַלע פויערען און האָט זייא ערצעהלט פון דעם פאָר פאַן באָג. אַלע האָבען זיך זעהר געוואונדערט און זעהר געפרייט.

אונזער ר׳ שימכע מיט זיין ווייב האָבען זיך אויפסנייע גענומען צו דיא כלים. דיא אַלטע כלים האָט מען אַ וועק געשטעלט. דען זייא וואַרען שוין צו קליין מען האָט געקויפט טעפ וויא דיא קאַנען און שיסלען וויא דיא צעבערס. און מען האָט גאַנצע טעג ניט מעהר געטאָהן נאָר אָבגעהיטען דיא אכילה. אַ גאַנצע גראָמאַדע פויערען זענען דאָס ניט אין שטאַנד אויף צו פרעסען וואָס זייא האָבען אַלע טאָג איף געפרעסען. און פון שרה׳ס הויף האָט מען אַלע וואָך געשיקט מעהל מיט שפּייז

שפּײַז, מיט קעלבער, מיט עופות, מיט האָלץ. און אַלע וואָך
אַ בײַטעל מיט געלד.

דיא גרעפין האָט אַרײַן געשיקט עטליכע גוטע מילך-קיה. דיא מאַדאַם פלאַכטע זאָל האָבען געוונג מילך מיט פּוטער און משרתים צו דיא קיה צו מעלקען און צו מאַכען פּוטער.

בקיצור ר' שימכע פלאַכטע האָט הערליך בעוואָהנט עטליכע געפּוצטע פּאָקאָיעם זעהר הערליך אויס געמעבעלט. און האָט געהאַט משרתים פויערען מיט שיקסעס זייא זאָלען איהם בעדינען. און עס איז געפיהרט געוואָרען וויא אין איין הויף און ער איז געגאַנגען געקלײַדעט אין בלוים זײַד, און דער אַלטער ספּאָדעק איז שוין קאַסירט געוואָרען.

ר' שימכע איז געגאַנגען אין אַ סויבעל היטעל פאַר הונדערט רובעל און דיא לאַנגע ווײַסע יופּעצע מיט דיא ווײַסע גאַרטעל. וואָרען עבט זײַדענער אַטלאַס. און איין ריכטיגען ים שטעקען מיט איין גוט זילבערנעם קאָפּ פון אַ האַלב פונט. און דיא מאַדאַם פלאַכטע איז געגאַנגען געקלײַדעט וויא איין גרעפין, און מען האָט געהאַלטען צווייא יודישע משרתות צו דיא קעך, און דיא שטאָט לײַט האָבען דאָס צו געזעהן, מענכע האָבען געלאַכט, און מענכע האָבען געפּלאַצט, נאָר מען האָט געמוזט האָבען דרך אֶרץ דען מען האָט מורא געהאַט ער זאָל ניט עפּעס אויס זאָגען פאַר דעם שררה.

ר' שימכע איז געגאַנגען געקלײַדעט אַזוי וויא איינער פון דיא גרויסע גוטע יודען. און ר' שימכע האָט זיך מיישב געוועזין און האָט זיך צו גענומען אַ מענטש וואָס איז גוט בעקאַנט אין דיא מנהגים פון אַ גוטען יוד, און ווייסט גוט צו מאַכען דעם אָנשטעל מיט דעם ירא שמים פּנים און מיט דעם שווינדעל צו בערימהען דעם הייליגען רבי'ן אַז ער עסט גאָר ניט און ער בעווײַזט גרויסע אותות ומופתים ער איז משביע מלאכים.

דער זעלבער איז געוואָרען זײַן משמש, און דער משמש

דאָט דעָם רבי'ן אוים געלעָרינט אַ ביסעָל דאַוועָנין אונ זיא האָט זיך אויך צו גענומעָן איין אַלטעָ יודעָנעָ וואָס קעָן גוט דאַוועָנעָן לייַנעָן אונ האָט זיך געלאָזט לערנען דאַוונען אונ לייַנעָן. אונ זיא איז זיך געגאַנגעָן ברייט אין שוהל אַרייַן מיט דעָם קרבן מנחה סידור אַזוי וויא אַ ריכטיגעָ רעָבעָצעָן. אונ דער משמש איז געוואָרעָן בייַא ר' שימכעָן גבאי. אונ עָר האָט עָס איין געפיהרט זעָהר הערליך דען קיין געלד האָט דאָך קיין מאָהל ניט געפעָהלט עָר האָט געלאָזט מאַכעָן אויף דעָם הויף אַ מקוה אונ אַ גרויס בית מדרש מיט עָטלעָכעָ שעָנק ספרים אונ בעָזונדעָר איין שטיבעָל מיט ספרים פאַר דעָם הייליגעָן רבי'ן עָר זאָל מאַריך אַף זיין, אונ ר' שימכעָ האָט איינגעָפיהרט זיין הויז זאָל זיין אָפעָן פאַר אָרימעָ לייט וועָר עָס איז אַרייַן געקומעָן הונגעריג דעָר איז אַרויס געגאַנגען זאַט. עָר אונ זיא האָבעָן בייַדע גיגעבין צדקה זעָהר פיעָל. אונ זיין שטיבעָל וואַר זעָהר שיין אוים געמעָבעָלט אונ אוים געמאָלט. אונ אַרים אין אַרים זעָהר פיעָל לייַכטעָרם מיט לאָמפּעָן אונ בייַא דיא טהיר איז געשטאַנעָן איין גרויסעָר קופּעָרנעָר האַנד פאַס מיט אַ גרויסעָן בעָקעָן מיט צוויַיא גרויסעָ האַנדטיכעָר. אונ איין גרויסעָ מזוזה מיט אַ זילבעָרנעָם בייַשטידעָל. עָס האָט אוים געזעָהן וויא בייַא איין ריכטיגעָן רבי'ן. עָר איז גאַנץ אַליין געזעָסעָן אין זיין שטיבעָל. אונ האָט געָבעָך יומם ולילה געפרעָסעָן וויא אַ פעָרד.

דעָר שררה האָט אַלעָ וואָך געשיקט פיעָל מעָהר וויא מעָן האָט געָברויכט. אונ דעָר שררה מיט דיא גרעָפין מיט אַללעָ זייַנעָ הויף־לייַט האָבעָן זיך געהאַלטעָן פאַר אַ גרויסעָ זכיה דאָס זייא האָבעָן זוכה געוועָזעָן צו האָבעָן אַזוי איין פאָר פאַן באַג אין זייעָר שטאָט דעָן זייא האָבעָן זיך איין גערעָט דאָס אוים אַלעָ גרעָסטעָ נויטעָן אָדעָר קראַנקהייטעָן ווירד עָר זייא אַרוים העָלפין. אונ בייַא אַלעָ שררים אונ פויערעָן פון אַלעָ דעָרפעָר אַרים אונ אַרים האָט געקלונגעָן דעָר נאָמעָן פון דעָם פאָר פאַן באַג

דעָן

דען דער שררה מיט דיא שררה'סטע האָבען איהם זעהר גרויס געמאַכט אונ בעקאַנט געמאַכט צווישען אַלע שררים אונ אַללע גרעסטע שררים אונ חראַביעס האָבען אַריין געשיקט גרויסע מתנות דעם פאָד פאַן באָג בקיצור ר' שימכע פלאַכטע האָט געלעבט מיט זיין ווייב זעהר גליקליך אונ פערגעניגט, דאָס קיין גרויסער נגיד קען ניט אַזוי לעבען אונ אַזוי פיהרען. דען אַלדעם גוטס האָבען זייא געהאַט אונ קיין געלד האָט זייא ניט געפעהלט. אונ אויף קיין תכלית האָבען זייא ניט געזאָרגט. זייער גאַנצע זאָריג איז נאָר געוועזען צו טראַכטען וועגען דיא אבילה וואו מען קריגט גרויסע טעפ מיט שיסלען מיט דונעצעס, אַזוי האָבען זייא געלעבט במנוחה אונ פערגעניגט עטליכע יאָהרען.

ויהי היום. האָט זיך בייא דעם שררה פאַסירט אַ מעשה. דער ש־רה. חוץ זיינע אַלע פאָקאָיעס וואָס ער האָט געהאַט אין זיין פאַלאַץ. האָט ער גאַנץ בעזונדער געהאַט איין קליין שטיבעל וואָס דאָרט איז קיין מאָל קיין שום מענטש ניט אַריין געקומען. אונ דאָס איז געוועזען שטענדיג פער שלאָסען. אונ דאָס פענסטער פון דעם שטיבעל איז אַרויס געגאַנגען אויף דעם פאָדוואָרע. אונ אַרים דעם פאָדוואָרע איז געוועזען אַ גרויסע מויער. אונ דאָרט אין דעם שטיבעל איז געוועזען זיין גאַנץ עשירות מיט זיין גאַנץ פער מעגען. דאָרט איז געשטאַנען איין גאַנץ גרויסער קאַסטען אונ דעם קאַסטען איז געלעגען איין טאָאַלעטקע (דאָס איז איין קליין קעסטעל זעהר קונסטליך געאַרבייט) דיא טאָאַלעטקע וואַר אויס ריין גאָלד. אונ אינוויינינג איז דאָס קעסטעל פיהל געוועזען מיט דימאַנטען אונ ברעלאַנטען אונ דאָס האָט בעטראָפען מיליאָנען. אונ דאָס וואַר נאָך ניט דער עיקר נאָר דאָרט אין דעם זעלבען קעסטעל איז געלעגען איין גרויסער בויגען פון פאַרמעט אונ מיט גאָלדענע אותיות איז געוועזען געשריבען דער גאַנצער יחוס פון דעם שררה דאָס ער איז אַ געבאָרענער אונ דאָס ער קומט אַרויס מזרע מלוכה. אונ דאָס

כתב

כתב וואַר בייא איהם טהייער־ער וויא דיא דימאַנטען מיט דיא בריליאַנטען. אונ אַלע טאָג איז ער געגאַנגען אין דעם שטיבעל אונ האָט אָנגעקוקט דאָס קעסטעלע אונ האָט זיך דעריבער זעהר געפרייט.

יעצונד איז ער אַריין געקומען אין דעם שטיבעל. אונ וויא זעהר איז ער ערשראָקען געוואָרען. דאָס ער האָט געטראָפין דאָס פענסטער אויס געהאַקט. אונ דער גרויסער קאַסטען איז געוועזען אויף געריסען אונ דאָס קליינע קעסטעל איז ניט דאָ געוועזען. ער איז באַלד געלאָפען אונ האָט געמאַכט אַ גרויס געשרייא. מען האָט געזוכט. מען האָט חושד געוועזען פיעל מענטשען. מען האָט געשלאָגען מען האָט געפייניגט. עס וואַר אָבער אַלץ בחנם מען האָט ניט געפונען קיין שום צייכען. זאָ איז דער שררה געפאָהרען אונ סאָנד אַריין. מען האָט גענומען גרויסע חכמים סענדושעס זייא זאָלען פאָרשטין אונ ווער עס וועט אַרויס קריגען דיא גנבה. וועט ער שענקען אַ דאָרף אונ עס האָט אויך ניט געהאָלפען זאָ איז ער געפאָהרען צו דיא וורוזיאַרזעס (דאָס זענען זאָלכע אַלטע גלחים וואָס זאָגען סגולות אונ מענכעס מאָל טרעפען זייא). דיא גלחים האָבען אויך ניט געהאָלפען. עס האָט דעם שררה געקאָסט זעהר פיהל געלד אונ עס האָט אַלץ ניט געהאָלפען. אונ צו ר׳ שימכען האָט ער ניט געוואָלט פאָהרען דען ער האָט געטראַכט פיליייכט וועל איך דאָס דורך אַנדערע מענטשען אַרויס קריגען דאָס איך זאָל ניט ברויכען מטריח צו זיין דעם הייליגען פאָר פאַן באָג. נור וויא עס האָט שוין געדויערט אַ האַלב יאָהר. אונ עס האָט שוין געקאָסט זעהר פיהל געלד אונ עס האָט גאָר ניט געהאָלפען! אונ ער איז שוין באַלד משוגע אונ קראַנק געוועזען. זאָ האָט ער שוין געמוזט מטריח זיין דעם הייליגען פאָר פאַן באָג.

אונזער ר׳ שימכע פלאַכטע האָט זיך גאָר ניט גערעכט. ... אונ איז זיך געזעסען כמלך בגדוד. אונ געפרעסען וויא אַ כפול

שמונה

שמו"ה זולל וסובא . פלוצלונג איז געקומען צו פאָהרען א הערליכע קאָטש מיט פיער פערד וויא פאַר איין גראַף . אונ דער יונגער שררה דאָס איז דער זוהן פון אַלטען שררה . אונ קוטשערס אונ לאָקאַיעס אונ דיא קאָטש האָט זיך גישטעלט פאַר שימכע פלאַכטע . אונ דער יונגער גראַף איז אַריין געגאַנגען מיט גרויס דרך ארץ דאָס היטעל אונטער דעם אָרים ; אונ האָט גיזאָגט צו ר' שימכען פאַניע פראָראָקאָ (דאָס הייסט איין נביא) דער טאַטע מיט דיא מאַמע מיט דאָס גאַנצע הויז געזונד לאָזט דיך פריינדלעך גריסען אונ פאַלין צו אייערע פים ; אונ דער טאַטע האָט איין עסק זעהר אַ גרויס עסק וועלכעס ער האָט אייער כבוד ניט געוואָלט מטריח זיין . נאָר ווייל קיינער קען איהם ניט העלפין זאָ איז ער געצוואונגען אייך מטריח צו זיין . אַלזאָ בין איך געקומין צו פאָהרין צו אייך מיט מיין פאָטער'ס בעפעהל אייך הערצלעך בעטין איהר זאָלט זאָ גוט זיין אונד קומין צו פאָהרין . דען דער פאָטער איז דאָך פערזיכערט דאָס איהר ווירד איהם געוויס העלפין .

ר' שימכע האָט דאָס געהערט איז איהם געוואָרען ביטער אין זיין האַרץ . איז ער אַריין געגאַנגען צו זיין ווייב אונ האָט מיט אַ ביטער האַרץ געזאָגט מיין ליב ווייב מעגסט שוין גרייט מאַכין דיא שאָנגעס מיט דיא קאַנין אונ ווער ווייסט נאָך אויב איך וועל צו דיא שאַנגעס יאָ זוכה זיין עס קען זיין מען וועט מיך הרגענין דען דער בלאָטער ווירד דאָך ווערין אויף גישטאָבין ; ער ווירד געוואָר ווערין דאָס איך בין אַ פראָסטער גראָבער יונג . וועט ער זיך דאָך משער זיין אַז דאָס ערשטע מאָל מיט דעם פערד האָט מיר נאָר אַזוי געראָטין וועט איהם דאָך קרענקין ווייל ער האָט אַזוי פיעל קאָסטען געמאַכט אויף מיר אונ עס וועט איס זיין אַ גרויסע חרפה דאָס ער האָט זיך אין מיר זאָ שטאַרק גענאַרט זאָ וועט ער זיך אָן מיר נוקם זיין .

בקיצור יאָ גערען . ניט גערען . ער איז געפאָהרין . וויא ער איז געקומין . האָט איהם דער שררה אָנגענומען בכבוד גדול . אונ

האָט איהם מעהר איבּער געבּעטען. וויַיל ער האָט איהם מטריח געווען. און האָט געזאָגט איך האָבּ גענוג געטוהן דאָס איך זאָל ניט בּרויכען אייך מטריח צו זיין. נאָר וויַיל קיינער קען מיר שוין ניט העלפין. זאָ בּין איך געצווינגען אייך מטריח צו זיין. דען בּייא אייך איז דאָך דאָס גאָר איין קלייניגקייט. און דער שררה האָט איהם דער צייֶלט דיא גאַנצע מעשה פון אל״ף בּיז תי״ו. ר׳ שימכע האָט דאָס געהערט אין איהם געוואָרין פינצטער פאַר זיינע אויגען און בּיטער אין זיין האַרץ. ער האָט זיך געטראַכט. עס מעכט מיך בּעסער זיין אַז איך מעכט ליבּער וואסער טראָגין. אַלזאָ זאָגט ער צום שררה. זייא וויסען דאָס איז קיין קלייניגקייט. דאָס איז זעהר אַ גרויסע זאַך דאָס קען ניט זיין אַזוי געשווינד וויא דיא מיינסט איך מוז מיר צייט נעמין אויף דרייא טאָג און איך מוז גאַנץ אַליינט זיצען איידער איך וועל מיך דאָס קענען ערוויסען דען דאָס איז אַ הימעל זאַך.

אין דעם דאָרף האָט געוואָהנט אַ יודישער שענקער וואָס האָט געהאַלטען דיא ראַנדע. דער יוד האָט געהאַט אַ גרויסע שטובּ צום שענק. און אַ קליין שטיבּעל צום וואָהנין. דיא פענסטער פון דעם קליינעם שטיבּעל זענען געגאַנגען אויף איין פעלד אַרוים. וויא דער שררה האָט געהערט פון שימכען דאָס ער מוז וואַרטען דרייא טאָג זאָ האָט ער געשיקט נאָך דעם יודישען שענקער און האָט איהם אַזוי געזאָגט. זאָלסט ליידיג מאַכען דיין קליין שטיבּעל. און ריין אוים פוטצען. און דיא מיט דיין הויז געזונד זאָלט עסין ענק דרייא טאָג בּעהעלפען און דער גרויסער שענק שטובּ און דער פאָד פאַן באָג וויַרד זיין דאָרט דרייא-טאָג. און זאָלסט איהם בּעהאַנדלען וויא מיך זעלבּסט. און זאָלסט בּאַלד פאָהרען אין שטאָט און זאָלסט איהם קויפען עסען און טרונקען וויא פאַר איין גראַף איך וועל דיר אַלץ גוט בּעצאָהלען. דיא ווירסט בּייא מיר האָבּען אויף אַ גאַנץ יאָהר דיא ראַנדע בּחנם ווען דיא ווירסט דעם גרויסען מאַן גיט בּעהאַנדלען

באהאנדלען װען איך װעל מיך אָבער ערװײַסען דאָס דיא האָסט איהם ניט װיא אַם בעסטען בעהאַנדעלט. זאָ װעל איך דיך אױס װאַרפען פון מײַן דאָרף. אונ דער שררה האָט מיט גרױס כבוד גענומען דעם פּאָר פאַן באָג אונ האָט איהם זעלבסט געפיהרט צום שענקער עס װאַר דאָרט אַלץ שױן גרײַט. דער שררה האָט זיך מיט איהם געזעגענט אונ איז אַ װעק געגאַנגען. אונ ר׳ שימכע האָט זיך גאַנץ אַלײנט געזעצט אין דעם שטיבעל אונ איז געזעסען אין גרױסע צרות.

אַלע פױערען אונ פּאַרטעס אונ פּאַרבקעס פון גאַנצין דאָרף האָבען שױן געװיסט אַז דער פּאָר פאַן באָג איז דאָ. דיא אַלע װאָס מען האָט זײא בחנם חושד געװעזען דיא האָבען זיך זעהר געפרײט דאָס מען זאָל דעם ריכטיגען אמת געװאָר װערין. דאָס זײא זענען עהרליכע לײַט. אונ בײַא דעם שררה אין הױף איז געװעזען זעהר פרײליך דען ער האָט זיך געװיס גערעכט דאָס ער װירד דיא גנבה אָב קריגען. אונ ער האָט דורך דיא דרײַא טאָג געלאָזט צו נאַנד רופען אַלע שררים זײַנע שכנים. אונ אױך פױערען פון אַנדערע דערפער זענען געקומען צו פאָהרין אונ צו לױפען װיא זײא האָבען געהערט דאָס דער פּאָר פאַן באָג איז דאָ אונ אַלע האָבען זיך געפרײט. נאָר ר׳ שימכען איז נעבעך געװעזען זױער אונ ביטער אין זײַן האַרץ.

װיא דער שררה איז פון שימכען אַ װעק געגאַנגען זאָ האָט דער שענקער מיט זײַן װײַב צװישען זיך געלאַכט אױס שימכען װײַל זײא האָבען דאָך איהם געקענט. דאָך אָבער איז דער שענקער באַלד געפאָהרין אין שטאָט אַרײַן אונ האָט מיט געפיהרט גוטע עופות צו שחטן אונ האָט אַ הײם געקױפט אַלערלײא גוטע מאכלים אונ פרוכטען. גוטען װײַן מיט אַנדערע גוטע געטראַנקין מיט קאַפע צוקער מיט אַלע זאַכען װאָס מען ברױך פאַר אַ גרױסין מאַן. אונ דעם שענקערס װײַב האָט געקאָכט אונ געבראָטען זעהר װאָהל. אונ מען האָט ר׳ שימכען אַרײַן געבראַנגט עטליכע גרױסע

גרויסע שיסלען מיט טעלערס פיהל מיט פיש, מיט פליישׁ אונ מיט כל מיני מאכלים. דען זייא האבען דאך איהם געקענט פון לאנג דאס ער איז ניט קיין הפסקה פאסטער. בקיצור מען האט צו טיש גיגרייט אונ אויף געשטעלט צו עסען וויא אויף א חתונה עס איז אבער ביטער וויא דער טויט ר' שימכע קען ניט עסען דער בויך איז פערשלאסען אונ דאס הארץ איז פער שטיינערט. עס קען קיין ביסען עסען ניט אריין גיין אין האלז, זיין טיהר וואר פערמאכט; ער איז נאר געגאנגען א היין אונ א הער אונ ביטער איז געוועזען זיין לעבען.

אין עטליכע שעה האט דיא שענקערין מיט דעם שענקער ווידער אריין געברענגט פרישע מאכלים. וויא פערווינדערט זענין זייא אבער געבליבען אלץ זייא האבען געזעהן דאס דיא פאריגע מאכלים זענין נאך אין גאנצין ער האט זייא ניט גיהאט אנגערירט.

אויף דער נאכט האט מען איהם אריין געברענגט נאכט עסין מען האט אבער געמוזט יענע כלים מיט מאכלים צוריק נעמין אזוי וויא מען האט זייא אריין געברענגט דען ער האט עס ניט אהן גערירט. אונ א גאנצע נאכט האט ער ניט געקענט שלאפין עס האט איהם פון געלעגער אראפ געווארפין וויל ער האט זיך דער מאנט וואס זיין שווארצער סוף וועט זיין מארגין גאנץ פריה האט ער זיך אנגעטוהן זיין טלית ותפילין אונ וויא ער האט געקענט האט ער געדאווינט.

וויא דער שענקער מיט זיין וויב האבין איהם אריין גיברענגט דאס אנבייסין אונ האבין געזעהן דאס גאנצע עסין פון נעכטין שטייט אזוי וויא מען האט עס אריין גיברענגט עס איז נאך ניט גערירט, אונ האבין איהם גיטראפין שטיין אונ דעם שיינים טלית מיט דיא גאנץ גרויסע תפילין. זא זענין זייא זעהר פארווינדערט אונ ערשראקען געבליבען אונ האבען געזאגט איינער צום אנדערין עס איז דאך ניט בחנם ווער ווייסט וואס פאר א פארבארגינער צדיק אדער גוטער יוד דאס איז אונ ווער ווייסט פאר איין פסק

מיר

מיר וועלין האבין ווייל מיר האבין פון איהם געלאכט. בקיצור דער קומען מיט דיא קעך ווארען פיהל אנגעשטעלט מיט טעפ. מיט שיסלען. מיט דינגעצעס. אלץ וואר פיהל מיט מאכלים. דען ער האט דיא גאנצע צייט ניט גענומין דאס מינדעסטע אין זיין מויל אריין. אונ דער שענקער האט דאך געמוזט האבען צו ווייזען דעם שרה דאס ער האט אנגעגרייט.

וויא עס איז געקומען דיא צווייטע נאכט וואס מארגין וואר שוין דער דריטער טאג. זא איז שימכע געלעגין אויף זיין גילעגער אין גרויסע צרות. ניט קיין אויג צו געמאכט. דיא טהיר וואר פאר מאכט דיא לבנה האט דורך דעם פענסטער אריין געלויכטין אונ וויא ער ליגט אזוי פערטראכט אונ זיינע מחשבות. הערט ער דורך דעם פענסטער א נידריג קול „פאניע פראראק, פאניע פראראק" (דאס. ווארט פראראק איז טייטש נביא) ער האט זיך אונ אנפאנג ערשראקין נאר ווי ער האט געהערט מען שרייט עטליכע מאל אונ מען בעט זיך זעהר ער זאל אויף מאכין דאס פענסטער אבוואל איין אנדערער רבי מעכט בייא נאכט בשום אופן ניט אויף מאכין אונ ניט רעדין מיט קיינעם. אונזער ר' שימכע אבער האט ניט מקפיד גיווען. אונ איז אויף געשטאנען. אויב ער האט זיך געוואשין ווייס איך ניט בקיצור ער האט אויף געמאכט דאס פענסטער אונ האט געשריגען קטא טאם! קטא טאם! זא האט יענער גיענטפערט איך בעט אייך רעט א ביסעל שטילער. איך ברויך וואס גייטיגעס מיט אייך צו רעדין דאס קיינער זאל ניט וויסען. איהר זאלט וויסען איך היים סטעפאן איך האב דאס קעסטעלע געגנבת מיט דיא דימאנטין אונ מיט אלעם וואס דארט אין קעסטעלע איז אונ עס פעהלט גאר ניט עס ליגט בעהאלטין אויף איין ארט וואס קיין מענטש ווייסט ניט אונ קיינער האט ניט בעריהרט, אונ איך ווייס דאך גאנץ גוט דאס איהר זענט א פאר פאן באג אונ איהר ווייסט דאך גוט דיא גאנצע מעשה, אונ ווען איהר ווירד דאס אויס זאגין פאר דעם שרה זא ווירד ער מיך הרגענין

הרגעניִן . אונ איִךְ האָב ערשט פאַר אַ האַלב יאָהר חתונה גיהאַט אונ האָב מײַן מאַרישע זעהר ליב . אונ אַז דער שררה ווירד דאָס געוואָר ווערין זאָ וועט ער אונז בײדע הרגעניִן אַלסדען בעט איִךְ אײַךְ איִהר זאָלט אויף מיִר רחמנות האָבּין אונ זאָלט פון מיִר דאָס קעסטעל נעמין אונ מיִט חכמה דעם שררה דאָס אָפּ געבּין דאָס ער זאָל ח"ו ניִט געוואָהר ווערין אונ איִךְ וועל אײַךְ גאַנץ גוט בעלוינען .

ענטפערט שיִמכע וואָס דער צײלסט דיִא מיִר ? וויִיס איִךְ דען ניִט ? דײַן מזל איִז געװעג גרויס דאָס דיִא בּיִסט יעצט געקומין אַלס דען וויא האָסט דיִא דען עס בּעהאַלטין ? זאָגט סטעפּאַן פון דאַניִן ביִז צום וואַלד שטײעין בײמער בּײם וועג אויף בײדע זײטין האָב איִךְ אָפּ געצײלט ציוועלף בײמער אונטער דעם דרײַצעהנטין בּוים האָב איִךְ אויס געגראָבּין אַ גרוב אונ האָב דאָס קעסטעל דאָרט גוט בּעהאַלטען .

פרעגט שיִמכע . ווײסט ניִט קײן מענטש פון דעם . זאָגט סטעפּאַן.אפילו מײַן אײגען ווײַב ווײסט איִךְ ניִט . קומט מיִט מיִר וועל איִךְ אײַךְ ווײַזען וויא עס ליִגט אונ איהר וועט עס נעמיִן . נאָר געדענקט אָהן גאָט . אונ מאַכט אײַךְ ניִבט וויִסען אַז איִךְ בּין דער גנב .

ר' שיִמכע איִז בּײא נאַכט דורךְ דעם פענסטער אַרויס גיקראָבּין אונ איז מיט סטעפּאַנין מיט געגאַנגין אונ סטעפּאַן איִז געלאָפּען נאָךְ אײן שפּאָדעל אונ האָט אויף געגראָבּין אונ מען האָט דאָס קעסטעל געפונין . עס איז פונקט אַזוי געלעגין וויא ער האָט עס אַרײַן געלײגט .

שיִמכע האָט געהײסין דאָס קעסטעל זאָל ווײטער בּלײבּין ליִגען אונ מען זאָל עס גוט צו דעקין אונ פערשיִטען מיִט ערד אונ צו סטעפּאַנען האָט ער אַזוי געזאָגט גײא אַהײם אונ לײג דיִךְ שלאָפין אונ מאַךְ דיִךְ פאַר קײן שום מענטש ניִט וויִסען אונ אַז דיִא ווירסט דיִךְ פאַר אײן מענטש וויִסען מאַכין . אָדער

אפילו

אפילו נאָר איין וואָרט רעדען. זאָ וועסט דיא באלד שטאַרבין,

סטעפאַן האָט גענומין דיא טשאַפּקע אין דיא האַנד און איז געפאַלען צו שימכעס פיס. און האָט געזאָגט. עה, ניע פאָוויעס, און איז אַ וועק געגאַנגען.

ר' שימכע איז שוין געוואָרין פריילין און איז צוריק גיגאַנגין און גאַנץ שטיל צוריק דורך דעם פענסטער אַריין געק־אָבין אין זיין שטיבעל. און דאָס פענסטער צו געמאַכט. נאָר ער איז געשטאַנין ביים פענסטער און אַהין געקוקט צו דעם אָרט וויא דאָס קעסטיל איז געוועזין דען ער האָט מורא געהאַט אַז סטעפאַן זאָל זיך ניט מיישב זיין און אַרויס נעמין דאָס קעסטיל ער איז גישטאַנין ביז עס האָט שוין אָנגעהויבין צו טאָגין זאָ האָט ער זיך אָנגעטוהן זיין וויים זיידענע יופּעצע און געלייגט טלית ותפילין און איז געשטאַנען ביים פענסטער און האָט זיך געשאָקעלט.

וויא עס איז שוין רעכט טאָג געוואָרין, זאָ איז שוין דער שררה מיט נאָך זעהר פיעל שררים און פיעל גרויסע מענער געקומין, דען אַלע וואַרין דאָך לאַקאָמע צו זעהן דעם פאָר פאַן באָג, און צו זעהן זיינע גרויסע ווינדער. אַלע זענען געבליבען שטיין פון דרויסען, נאָר בלוים דער שררה איז אַליינט אַריין געגאַנגען. דאָס קליינע שטיבעל וואַר נאָך פאַר מאַכט.

זאָ פרעגט דער שררה דעם שענקער. אויב ער האָט גוט בעהאַנדילט דעם רבי'ן. זאָ זאָגט דער שענקער „יאַשניע פּאַניע" איך האָב איהם בעהאַנדעלט וויא איין גראַף נאָר וואָס קומט אַרויס. ער האָט דיא גאַנצע צייט זייט ער דאָ איז גאָר ניט געגעסין און ניט געטרונקין און דער שענקער האָט דעם שררה געוויזען דיא אַלע טעפּ מיט שיסלען מיט דיניצעס אַלץ פיל מיט עסענוואַרג, פיש, פלייש, געקאָכטס און געבראָטענס און גוטען ויין. דער שררה האָט דאָס געהערט און אויך געזעהן; איז ער גאַנץ ערשטוינט געבליבען, און האָט געזאָגט, עס טוט מיר שוין אין גאַנצין באַנג צו וואָס איך האָב איהם מטריח געוועזין. דאָס

ער

ער זאָל זיך דורך מיר אַזוי פײַניגען. אונ דער שררה איז אַרוים געגאַנגען אונ האָט אַרײַן גערופֿין דיא אַלע שררים אונ האָט זײַא געוויזין דאָס עסין אונ האָט זײַא דערצײַלט אַז דער צדיק פֿאַסט שוין הײַנט דעם דריטען טאָג.

דער שררה איז גאַנץ שטיל געגאַנגען אויף דיא נעגיל צו דיא טהיר אונ האָט דורך דיא שפּאַרע אַרײַן געקוקט אונ האָט געזעהן וויא דער צדיק שטײַט אײַנגעהילט אין דיא הײַליגע קלײַדער אונ שאָקעלט זיך. זאָ האָט ער אַ הער גערופֿען אַלע שררים, האָבען אַלע אַרײַן געקוקט אונ האָבען זיך פֿער ווינדערט.

שימבע אָבער האָט ערשפּירט דעם שררה. ער האָט דער קענט זײַן קול. זאָ האָט ער אָנגעהויבין צו מאַכין דיא גנבה'שע שטיקעם. האָט געפּאַטשט מיט דיא הענד. אונ נעקאָפּיט מיט דיא פּיס. אונ האָט פּלוצלונג אויף געמאַכט דיא טהיר. זאָ האָט דער שררה מיט אַלע שררים גאַנץ געשווינד געחאַפּט זײַערע היטלעך פֿון דיא קעפּ אונ זענין געפֿאַלין פֿאַר שימבען כּורעים ומשתחוים. אונ שימבע האָט געזאָגט צום שררה הײַנטיגען טאָג ווירסט דיא שוין האָבין דײַן גנבה זאָלסט באַלד לאָזין צונאַנד רופֿען אַלע מענטשין וואָס געפֿינען זיך אין דעם דאָרף. אונ זאָלסט שטעלין אײַן זײַט בלויזע מאַנספּערשוינען. אין אײַן זײַט בלויזע נקבות. אונ דיא פּריצמרי שררים מיט זײַערע ווײַבער אונ מענטשער וואָס זענין געקומין צו פֿאָהרין זאָלין אויך אַזוי שטײַן. אונ אפילו דיא יודישע קונדער וואָס געפֿינען זיך אין דעם דאָרף זאָלין אויך אַזוי שטײַן. דער יודישער שענקער דער שווייגער מיט דיא ווײַבער מיט ערו אַקסענע קונדער זאָלין אַלע שטײַן אונ אַז דאָס וועט זײַן פֿערטיג. אַלע וועלין שוין שטײַן גרײַט אויף דעם פּלאַץ. זאָלסט דיא אַ הער קומען צו מיר. נאָר דיא אַלע מענטשען זאָלין שטײַן גרײַט דאָ אויף דעם פּלאַץ בײַא די בײַמער.

דער שררה מיט דיא איבריגע שררים זענין גאַנץ געשווינד געלאָפֿין דען זײַא זענין דאָך געוועזען זעהר לאַקאָמע צו זעהן דיא גרויסע

גריסע װוּנדער. בקיצור עס האָט גאָר ניט לאַנג געדױערט זענען שוין אַלע געשטאַנען אויף דעם פּלאַץ אַזוי װיא שימכע האָט געהײסען. און דער שררה איז געקומען צו שימכען. זאָ זענען זײא בײדע אַ הין געגאַנגען צו דיא מענטשין. אַלע זענין גישטאַנין גלײַך געסדרת. און מיט גרױס דרך ארץ װיא פאַר אײן מלכות. און שימכע מיט דעם שררה זענען געגאַנגען בײַא נאַנד.

יעצט זאָגט ר' שימכע צום שררה. יעצט קום מיט מיר און זאָלסט זעהן װאָס איך טוא. און הערען װאָס איך רעד און גאָר שטיל שװײַגען.

יעצט איז ר' שימכע אַ דורך געגאַנגין דורך דיא גאַנצע רײהע פון דיא נקבות. פון אײן עק ביז צום אַנדערין עק. און האָט אַרויף געלײגט זײַן האַנד אויף דעם הארץ פון איטלעכע נקבה. און בײַא יעדע נקבה װאָס ער האָט אַ װעק גענומען זײַן האַרץ פון איהר האַרץ. האָט ער מיט זײַן קאָפּ געשאָקעלט. נײן. און האָט גאַנץ הויך געשריגען נײן. נײן; זיא איז רײן זיא װײסט ניט פון דיא גנבה. װיא ער האָט שוין אָפּ געפערטיגט דיא נקבות. איז ער געגאַנגען צו דיא אַנדערע זײַט צו דיא מאַנען. און האָט אויך אַזוי געמאַכט פון ערשטען ביז צום לעצטין נאָר װיא ער האָט געהאַלטין זײַן האַנד אויף סטעפּאַנס האַרץ. זאָ האָט ער געשפּירט עס האָט געקלאַפּט װיא אַ גלאָק. ער האָט איך אָבער ניט װיסען געמאַכט. נאָר בײַא יעדען באַזונדער האָט ער געשריגען דאָס װאָרט נײן. נײן. ער איז רײן פון דיא גנבה. און װײַל פון דיא אַלע מענטשין האָט דאָך באמת קײנער ניט געװיסט. זאָ האָט יעדער אײנציגער איהם געהאַלטען פאַר אַ ריכטיגען פאָד פאַן באָנ. און אַללע האָבען איהם זעהר ליב געקריגען. װיא ער האָט שוין דאָס גיענדיגט. זאָגט ער צו דעם שררה מיט אַ הויך קול דאָס אַלע זאָלין הערין. זאָלסט װיסען דאָס דיא האָסט אַלע מענטשין גאָר בחנם חושד געװעזען זײא זענין אַלע ערלעכע לײַט. און הײַנטיגען טאָג מוזט דיא דאָך

דײַן

דײַן קעסטעל האָבען, װײַל איך האָב דיר מײַן װאָרט געגעבען.

יעצט האָט ער זיך אײַנגעהילט אין זײַן טלית און גוט אַראָפּ געצױגען דעם גרױסען ספּאָדעק און גענומען זײַן ים שטעקין און געשאָקילט און געטײַט קײגין הימעל און אױף אַלע פיער זײַטין. און האָט זיך דעם טלית איבער געצ׳יגין איבער דעם קאָפּ און פאַר דעקט דעם ספּאָדעק מיט דעם פּנים און מיט דעם שטעקין געשאָקילט װיא מיט איין לולב. באַלד איז ער געבליבען שטײן עטלעכע מינוטען גאַנץ שטיל אַזױ װיא אַ טױטער. און פּלוצלונג האָט ער אַ געשרײַא געגעבען מיט אַ גרױס קול און מיט כעס צום שררה. נײן. נײן ; קײן מענטש האָט דיר דאָס קעסטיל ניט גענומין דאָס איז אַ הימעל געשעפט דיא װירסט עס באַלד האָבין און דאָס גאַנצע פאָלק װיא אױך עטליכע יודין װאָס דאָרט האָבין געװאָהנט האָבין דאָס אַלץ געהערט און געזעהן און זיך זעהר פאַר װינדערט. יעצט האָט שימכע דעם שררה געגעבען זײַן ים שטעקין און איז מיט איהם און מיט דעם גאַנצין פאָלק געגאַנגען צום ערשטין בױם פון דיא בײַמער און האָט דעם שררה געהײסין געבין דרײַא גרױסע קלעפּ אין בױם. דער שררה האָט אַזױ געטוהן. פרעגט שימכע דעם שררה האָסט דיא געהערט װאָס דער בױם זאָגט ? ענטפערט דער שררה. נײן. זאָגט שימכע דער בױם האָט געזאָגט ער האָט ניט דאָס קעסטיל. זאָ האָט מען געטוהן בײַם אַנדערען בױם... און בײַם דריטען בױם ביז מען איז געקומין צום ריכטיגען בױם. און װיא דער שררה האָט דאָרט געגעבען דיא דרײַא קלעפּ. זאָ האָט שימכע אַ גרױסען שפּרונג גיגעבין און געפּאַטשט מיט דיא הענד און האָט געשריגין צום שררה װאָס שטײסט דיא ? הערסט דיא דען ניט דאָס דער בױם שרײַט געװאַלד דאָס אונטער איהם ליגט דײַן קעסטעל. פון הימעל האָט מען עס דאָ אַ הער אַ געלײגט. אַלסרען לױף גאַנץ געשװינד און ברענג אַ שפּאָדעל. נאָר דיא אַלײנט מוזט גײן. דער שררה איז גאַנץ געשװינד געלאָפין. און האָט גיברענגט דעם

דעם שפּאָדעל. האָט שׂימכה געהייסען ער זאָל אָנהייבען צו גראָבען צוויא שפּאָדעל טיף. ער האָט געגראָבען צווייא שפּאָדעל טיף. וויא אָבער ערשראָקען איז דער שׂרה מיט אַלע פרעמדע שׂרים געוואָרען אַלס זייא האָבען ערזעהן דאָס קעסטיל. אונ דער שׂרה האָט דאָס קעסטיל אין דיא האַנד גענומען אונ געוויזען פאַר דעם גאַנצען פאָלק. דיא אַלע שׂרים מיט דעם גאַנצען פאָלק האָבען אַראָפּ געחאַפּט דיא היטלעך פון זייערע קעפּ אונ האָבען פאַר שׂימכען געקניט וויא פאַר איין גאָט. אונ דיא פּאַרטעס מיט פּויערין מיט פּאַרבקעס האָבען געקניט אונ געשריגען דאָס איז דער אַנדערער האַנד פון פּאַן באָג.

יעצט קען זיך דער לעזער מערקען דעם כבוד וגדולה וואָס ר' שׂימכע פּלאַבטע האָט געהאַט. אונ דער שענקער מיט זיין וויַיב האָבען עס ניט אויס געהאַלטען ווייל זייא האָבען אַ מאָל אויס איהם געלאַכט, זייא האָבען געזאָגט. ווער ווייסט וואָס אויף אונז ווירד קומען ווייל מיר האָבען געלאַכט אויס אַזוי אַ מלאך. בקיצור מען האָט איהם אַ היים געפיהרט אין הויף אַריין צום שׂרה. נאָר מען האָט איהם ניט געקענט לאַנג אויף האַלטען. ווייל דער שׂרה מיט דיא איבּריגע שׂרים האָבען געוויסט דאָס ער פאַסט שוין דעם דריטען טאָג. אונ מען האָט איהם בעוואָרפען מיט גרויסע טייערע מתנות אונ מיט זעהר פיהל געלד. יעדער שׂרה האָט געגעבען זיין גאָלדענעם זייגער מיט אַלע סיגנעטען פון די פינגער. עס איז פון דיא פרעמדע שׂרים צונאַנד געקומען איין באַרג מיט געלד אונ מיט ציהרונג. מען האָט דאָס אַלץ געלייגט אין איין קאַסטין. חוץ וואָס דער ריכטיגער שׂרה האָט איהם אַלײנט אנגעפּאַקט אַ קאַסטין מיט געלד אונ גאָלד אונ זילבער אונ ציהרונג. בקיצור עס האָט בעטראָפען קורח'ס אוצר.

מען האָט עקסטרא פאַר זיינט וועגין אַלײנט איינגעשפּאַנט אַ הערליכע קאָטש מיט פיער פערד. אונ אַלץ אַריין געלייגט אין דיא קאָטש אונ דיא גרעפין מיט דיא קונדער אונ אַלע פרעמדע

שׂרים

שררים מיט זייערע ווייבער מיט קונדער זענין אלע מיט גיפארין עם וואר זעהר פיעל קאטשין. דען יעדער האט זיך געהאלטין פאר א זכות דאס ער האט זוכה געוועזין איהם צו בעגלייטין. אונ דאס פויערין פאלק וועלכער האט נאר געהאט איין פערד אונ א וואגין האט נאר אויף געלייגט וואס נאר מעגליך איז גיוועזן א גוט קאלב גוטע עופות, האניג וואקס. אונ האבין מיט געפיהרט מתנות פאר דעם שימכען. בקיצור עס זענין געפאהרין א גרויסע מחנה. אונ דער שררה האט זיך גיבעטין ער זאל איהם ערלויבין צו זוצין מיט איהם אין דיא קאטש. ר' שימכע האט איהם ערלויבט זענין זייא ביידע גיזעסין אין איין קאטש. וויא דיא מחנה זענין גיקומין אין שטאט האבין זיך דיא שטאט לייט געווינדערט ווייל זייא האבין געזעהן אזוי פיל קאטשין, אונ האבין גיוואלט ווסין וויא א הין זייא פארין וויא פערווינדערט אבער זענין זייא גיווארין דאס זייא האבין גיזעהן דאס דיא אלע קאטשין פאר פאהרין פאר ר' שימכע פלאכטע אונ אלע דאבין געפלאצט וויא זייא האבין געזעהן ר' שימכען ארויס קריבען אוים דער קאטש. אונ דיא אלע שררים זענין גישטאנין מיט דיא בלויסע קעפ וויא פאר איין מלכות אונ ער איז פאראוים געגאנגין. אונ אלע פון הינטען. אונ זיי זענין געקומין אין שימכעס פאקאוי. אונ דיא גרעפין האט זיך גיווילקאמט מיט דיא מאדאם שימכען אונ האט זיא געקושט אונ געהאלזט אונ געשענקט גרויסע מתנות אינ געזאגט וואויל איז דיר דיא האסט אזוי איין הייליגען געיסט פאר א מאן. אונ דיא שררים האבין געמאכט אין דיא שטאט א גרויסע פאראדע אונ יעדער בעזונדער האט גיזאגט איך וועל דיר אלע וואך שיקען אלדעם גוטס אונ די פויערין האבין אויך דאס אייגענע גיזאגט אונ אלע האבין זיך געזעגענט בכבוד גדול אונ א וועק געפאהרין. אונ אללע האבין געהאלטען זייער ווארט אונ האבען געשיקט.

דיא שטאט לייט האבין ניט געקענט אוים האלטין אונ האבין גאר ניט פערשטאנין וואס דאס איז זא האבין זיי גיפרעגט

דעם

דעם יודישען שענקער וואָס אין דאָרף וואָהנט. זאָ האָט דער שענקער דערצייהלט דיא גאַנצע מעשה. אונ האָט צו דיא שטאָט לייט געזאָגט דער שררה מיט דיא אַנדערע שררים זענין ניט משוגע אונ ער איז באמת אַ מלאך אלקים ווען איך מעבט ניט זעלבער זעהן דיא גרויסע וואונדער מעכט איך זעלבסט ניט גלויבין אונ עטץ זאָלט וויסין דאָס עטץ פערזינדיגט ענק דיא יאָהר אונ דיא טאָג דאָס איהר רעט אויף איהם אונ לאַכט אויס איהם אין דיא שטאָט לייט זענין געבליבען זעהר פערווינדערט אונ עס איז געוואָרין אין דיא שטאָט עפּעס אַ געשמוס אפשר איז ער טאַקי עפּים אַ פערבאָרגינער צדיק. בפרט זייא האָבין געזעהן ער פיהרט זיך זעהר יודיש. אונ זיין הויז איז אָפען פאַר אָרימע לייט ער האָט מפרנס געוועזין אָרימע תלמידי חכמים.

בקיצור ער האָט שוין געקריגין אַ שם אין דיא וועלט אין מענכע זענין שוין געקומען פרעגין סגולות. אונ דער גנב'טיגער גבאי האָט איהם שוין אויס גילערינט גנבישע סגולות. מען זאָל נעמין לולב אונ קאָכין מקוה וואַסער מען זאָל זאָגין דאָס קאַפּיטעל ז' זיבען מאָל. דאָס קאַפּיטעל ז' צוואָנציג מאָל, מען זאָל נעמין פעדערען פון אַ ווייסין האָן לייגין אויף דעם בויך ווען מען געווינין אַ בן זכר. ערד פון אַ קבר טראָגין אין אַ ווייס בייטעלע אויף דעם האַלדז איז גוט פאַר אַ עין הרע רח"ל. שלשה פעמים ח"י פגים צו לייגען אונטערין קישען. אונ מאָרגען דאָס געלד אַריין וואַרפין אין רבין'ס צדקה קיינער זאָל ניט זעהן דאָס איז אַ סגולה צו דיא גילדענע אָדער לויבער זאַלץ מיט רויזען האָניק געקאָכט אין פּוטערמילעך איז אַ סגולה צו דיא אויגין. אונ נאָך פיל זאָלכע נאַרישקייטין. אונ דער רבי האָט זיך דאָס גאַנץ געשווינד אויס גילערינט דען צו שמאַדקייט איז ר' שימכע זעהר קלוג געוועזין. בקיצור ער איז געוואָרין בערוהמט אין גאַנצען לאַנד:

עס זענין געקומין צו פאָהרין מענטשין מאַנין אונ ווייבער פון דיא האַלבער וועלט אונ יעדער האָט דערצייהלט נסים ונפלאות

פון

פון דעם פאַר באָרגענים צדיק. אונ דער צריק מיט זיין ווייב האָבין יעצט עוסק געוועזין אין הלכות אבילה אַזוי וויא די פערד אונ יעדער מענטש וואָס איז געקומין צו פאָרין האָט זיך געהאַלטין פאַר אַ גרויסין זכות דאָס ער האָט זוכה גיוועזין צו קריגען דיא האַנד שלום עליכם פון דעם הייליגין רבי. בקיצור ער איז גיוואָרין גרויס עד לב השמים, די גאַנצע וועלט האָט פין איהם גיהאַלטין.

עס זענין אויך געקומין צו פאָהרין ריכטיגע חסידים אונ רבנים אונ לומדים, אונ מען האָט זעהר נוהג כבוד אָן איהם גיוויזען, אונ ווען די פרעמדע חסידים אונ לומדים האָבין געשמוסט מיט דעם גבאי בסוד פאַר וואָס ער זאָל לעבין זאָגט קיין מאָל ניט קיין וואָרט תורה ביים טיש. זאָ האָט דער גבאי גיענטפערט וואָס וועט עטץ דען פאַרשטיין פון זיין תורה. ער זאָל לעבין לערינט תורה בלויס קבלה סודי כורות זיינע תורות זענין פון דיא עולמות העליונים.

דאָך האָט זיך דער גנב איין עצה גיגעבין דאָס דער רבי זאָל אויך זאָגין תורה ביים טיש. ער איז גיזעסין טאָג אונ נאַכט מיט דעם זולל וסובא. אונ האָט איהם אויסין ווייניג דער צייֶלט אַלע מעשות פון גאַנץ חומש מיט גאַנץ תנ״ך אונ האָט גיזעהן ער זאָל קלאָר זיין אין אַללע מעשיות.

איין מאָל איז גיוועזין אַ שבת וואָס עס זענין גיוועזין פיעל לומדים אונ חסידים אונ האָבין זעהר גיבעטין דער רבי זאָל זאָגין אַ דברי תורה. האָט זיי דער גבאי מבטיח געוועזען אַז ער וועט בעטין דעם רבי וועט ער איהם צו ליב טאָן אונ וועט זאָגין נאָר וואָס קומט אַרויס עטץ וועט דאָך גאָר ניט פערשטיין. דען זיינע תורות זענין דאָך בלויס פאַר באָרגענע סודות. בקיצור עס איז געקומין נאָך דעם עסין האָט דער רבי גיעפינט זיין מויל אונ פער גלייסט דיא אויגין אונ געזאָגט (די סיגות האָט ער געקענט נאָך מאַכין אַזוי וויא דער גבאי האָט איהם גילערינט. נאָר דיא מעשות האָט ער ניט גוט גערענקט) האַ. האַ. האַ. ני. ני. ני. אוי. אוי. אוי. ווען נח האָט מלחמה געהאַלטין מיט די פלשתים

אין

אין די מדבר. און נח האט די מלחמה פערשפיהלט איז נגזר געווארען מען זאל נעמען יצחק אויף די עקידה. און די עקידה איז גורם דאס לאנגע גלות. אוי. אוי. אוי. הא. הא. הא. ני. ני. ני. מים אחרונים. בענטשען. אור זרוע לצדיק.

נאך דעם בענטשען האט איין חסיד געזאגט צום אנדערען. ביזט דו א מבין אויף די תורה. ענטפערט יענער. הא הא. וואָרום דו ביסט א מבין? דאס איז קבלה. דער דריטער זאגט. דאס איז זעהר טיף דאס איז סודי סודות. האט דער גבאי געזאגט. האב איך ענק געזאגט. אז זיינע תורות זענען ניט פאר קיין מענטש. נאר פאר די מלאכים.

ווי דער עולם איז א היים געפאהרען. איז שוין געווארען א שם אין דער וועלט. דאס דער רבי זאגט זאלכע פארבארגענע סודות התורה אשר אין לשער ואין לספר. זא האבען זיך איינגעזאמעלט פון פיעל שטעט חסידים און לומדים אויך קליינע דעבעלעך און זענען געפאהרען הערען סודות התורה. ביים טיש האט דער רבי ווידער געמאכט די גנבישע סיגום. און האט געזאגט. זוען מלך נמרוד האט מלחמה געהאלטען מיט שאול המלך. האט דניאל פוהר געוועזען דעם חלום פון די זיבען קוה וואס פרעה האט געזעהן ביים ירדן. און ווייל דער ירדן איז געווארען געשלאגען מיט בלוט. איבער דעם רעגענט ניט אין ארץ ישראל. ביז עס ווירד ווערען מתוקן דער חטא וואס זיי האבען געהרגת יונה הנביא אין בית המקדש. וועט ווידער גושן געבויעט ווערען. און עס וועט רעגנען. און האט נאך זאלכע פערשידענע תורות געזאגט. ווי דער מלך אגג האט מלחמה געהאלטען מיט נבוכדנצר. און נאך די מלחמה איז יוסף פערקויפט געווארען קיין מצרים מיט זיינע ברידער. און האבען ניט געהאט קיין מנוחה ביז קורח האט געבויעט א תיבה צום מבול. און דאס איז געוועזען א רמז צום בית הראשון. און נאך פערשידענע פערבארגענע סודות האט ער מגלה געוועזען. וואס מען מוז זוכען א גרויסען בעל קבלה ער זאל

זאָל דאָס פאַרשטיין . דער גאַנצער עולם האָט זיך אָנגעקוקט איינער דעם אַנדערען . אונ יעדער האָט זיך געשעמט צו זאָגען דאָס ער פערשטייט גאָר ניט . נאָר איטליכער בעזונדער האָט געזאָגט איך פערשטיי עס גאַנץ גוט . עס איז אַ זאָלכע טיפע סודות וואָס אונמעגליך צו ערצײלען טויזענד מײלען איז ווערט צו פאָהרען אַבי צו הערען זאָלכע סודות התורה . אונ איטליכער בעזונדער האָט אַזוי געזאָגט . ווייל איינער האָט זיך געשעמט פאַר דעם אַנדערען . אונ אויב עס האָט זיך דאָרט בײַם טיש געפונען עטליכע וואָס זענען באמת געוועזען לומדים אונ חכמים . אונ האָבען פערשטאַנען אַז ער איז אַ וואויטעק אַ פּראָסטער זולל וסובא . ער איז ווערט מען זאָל איהם הענט מיט פיס צו ברעכען . זאָ האָבען זיי אויך געמוזט שווייגען . אונ האָבען געמוזט זאָגען דאָס זעלכע תורות האָבען זיי נאָך ניט געהערט זײַט זיי לעבען . אונ האָבען געמוזט קומען צו פאָהרען . דען ווען איינער מעכט ח"ו עפּעס רעדען איין וואָרט מעכט ער געהייסען אפּיקורוס . אונ ער מעכט ניט זעכער געוועזען מיט זײַן לעבען . פאַר די געמיינע מענטשען וואָס האָבען אָן איהם געגלויבט אַזוי ווי די פויערען האָבען געגלויבט אַז ער איז אַ פּאָר פאַן באָג . אונ וואָס אַמאָל איז זײַן שם גרעסער געוואָרען . בקיצור עס זענען געקומען צו פאָהרען מענטשען פונ אַלע עקען וועלט . אונ מען האָט געשיט מיט געלד ווי מיט זאַמד . אונ יעדער האָט זיך געהאַלטען פאַר אַ גליק דאָס ער האָט זוכה געוועזען דאָס דער רבי האָט פונ איהם אַ פּדיון גענומען .

די שררים מיט די פויערען . בפרט זײַן אייגענער שררה האָבען אַלע וואָך געשיקט פונ אַלעם גוטען . בקיצור ר' שימכע איז זיך געזעסען בכבודו של עולם . אונ האָט געפרעסען ווי אַ זולל וסובא . אַ לאַנגע צײַט איז ער זיך געזעסען במנוחה .

אין אַ צײַט פונ עטליכע יאָהר אַרום . ווי ר' שימכע האָט זיך אַזוי געלעבט במנוחה . אין גרויסען פערגעניגען . אונ זײַן שם האָט געקלונגען אין די לענג אונ די ברייט . זאָ האָט זיך בײַם מלכות

מלכות פון דעם לאַנד פּאַסירט איין גרויס עסק וואָס מען האָט זיך ניט געוויסט קיין עצה צו געבען. האָט מען געשיקט נאָך אַלע מיניסטערס זיי זאָלען קומען און קלערען און האַלטען איין עצה. זאָ האָט מען שימכעם שררה אויך גערופען צו דער סעסיע. דען ער וואַר אויך אַ מיניסטער. ווי דער שררה איז שוין דאָרט בּיים מלכות געזעסען עטליכע טאָג. און אַלע האָבען קיין עצה ניט געפונען. זאָ האָט זיך דער שררה דערמאַנט אָן ר' שימכען.

דער שררה וואַר זעהר בּעקאַנט מיט דעם מלכות. דען זיי האָבען בּאַנאַנד געלערנט אין די קלאַסען. און האָבען זיך פון קינדהייט בּיז היינטע געהאַלטען זעהר פריינדליך. זאָ זאָגט דער שררה צום מלכות. אדוני מלך. מיר זענען שוין געהאָלפען. מיר בּרויכען זיך ניט צו בּרעכען די קעפּ וועגען איין עצה. איך האָב אין מיין שטאָט וואָהנען איין מענטש. דער איז אַ ריינער מלאך. ער ווייס אַלעס פּונקט אַזוי ווי גאָט זעלבּסט. לאָז מען נאָך איהם שיקען. ער ווירד אונז בּאַלד העלפען.

דער מלך וואַר אָבּער איין גרויסער חכם. ער האָט ניט געגלויבּט אין זאָלכע נאַרישע בּייקעס. זאָ האָט דער מלך אָנגעהויבּען זעהר שטאַרק צו לאַכען. און האָט געזאָגט צום שררה. ווען איך מעכט דיך ניט געקענט פאַר אַ גרויסען חכם. מעכט איך מיך ניט ווינדערין אָבּער וויַיל איך קען דיך פאַר אַ גרויסען חכם. איז מיר אַ ווינדער אַז דו רעדסט זאָלכעס נאַרישקייט.

זאָ ענטפערט דער שררה. אַדוני מלך! דו קענסט מיך יאָ פון קינדהייט. און ווייסט גוט אַז איך בּין זעהר פיל ווייניגער גלויבּער אָן זאָלכע זאַכען ווי דו. און ווען טויזענד מענטשען מעכטען מיר זאָלכעס ערציילט מעכט איך אויך ניט גלויבּען. אָבּער זאָלכעס וואָס איך האָבּ זעלבּסט געזעהען מיט מיינע אויגען! פאַר וואָס זאָל איך ניט גלויבּען. און ער האָט דערציילט די גאַנצע מעשה פון דעם פערד. און פון דעם קעסטעל. און אַלע זעען געבּליבּען פאַרווינדערט. און נאָך עטליכע מיניסטערס האָבּען

אויך

איך געזאָגט מיר האָבען אויך געהערט פון דעם מאַן ; דאָס ער איז זעהר גרויס . אונ קען זעהר פיעל . נאָר דער מלך האָט דאָך ניט געגלויבט .

זאָ האָבען זיך אַלע מיישב געוועזען מיט די עצה פון מלך . אונ האָבען געזאָגט וואָס וועט דען דאָס שאַטען ווען מען וועט נאָך איהם שיקען . אונזערע עצה וואָס מיר ברויכען וועט מען איהם זאָ ווי זאָ ניט פרעגען . דען עס נוצט ניט אַז אַ יוד אַ ציווילנע מענטש זאָל וויסען פון אונזערע סודות . נאָר מיר ווילען זיך איבער צייגען אויב עס איז וואַהר דאָס ער וויים עפּעס .

זאָ זאָגט דער מלך לאָז מען שרייבען דאָס ער זאָל ווי אַם געשווינדסטען קומען צו פאָהרען . זאָגט דער שררה . ווי מיינסט דו . ער איז אַזוי אַ מענטש ווי אונז . נאָך איהם מוז מען שיקען דיין קעניגליכע קאָטש ; מיט דיין מוזיק . אונ עטליכע גרויסע גענעראַלען . אונ איך זעלבסט וועל אויך מיט פאָהרען . וועל איך איהם זעהר בעטען ער זאָל מיר צו ליב טאָן אונ קומען צו פאָהרען מען האָט אַזוי געטאָן עס זענען אַוועק געפאָהרען עטליכע הערליכע קאָטשען מיט די גרעסטע גענעראַלען . אונ דער בן מלך מיט דעם שררה זענען געזעסען אין די קעניגליכע קאָטש . אונ זענען אַהין געקומען .

ווי דאָס שטעטעל האָבען ערזעהען די קעניגליכע קאָטש מיט די איבריגע קאָטשען מיט די אַלע גרויסע לייט , האָבען זיך אַלע זעהר פערווינדערט . ווי אַהין זיי קענען פאָהרען .

ווי פערווינדערט זענען זיי אָבער געבליבען . אַז זיי האָבען געזעהן דאָס די אַלע קאָטשען פאָהרען פאַר דעם הויז פון ר' שימכע פלאַבטע . אונ אַלע גענעראַלען מיט דעם בן מלך אונ מיט זייער שררה גייען אַריין צו ר' שימכען . זיי האָבען געלאַכט אונ אויך געפּלאַצט . אונ רעדען טאָר מען ניט איין וואָרט .

ווי די געסט זענען אַ ריין געקומען מיט גרויס דרך ארץ . זאָגט דער שררה צו זיין פאָר פאַן באָג . זעהסט דו ווי טריי איך

בין

בין דיר. איך וויל דיך מאַכען פיעל גליקליכער ווי איך בין. איך בין דאָס אָבער ניט אין שטאַנד. דען איך בין דאָך נאָר בלויס אַ שררה. זעהסט דו איך האָב דיך אָבער זעהר גרויס געמאַכט ביים מלכות. אונ אַז דו וועסט דאָרט טרעפען וואָס מען ווירד דיך פרעגען זאָ וועט דיך דער מלך גליקליך מאַכען. אונ לכבוד דיר האָט מען נאָך דיר געשיקט די קעניגליכע קאָטש מיט אַלע גרעסטע גענעראַלען.

ווי שימכע האָט דאָס געהערט איז איהם געוואָרען ביטער אין זיין האַרץ. ער האָט זיך געטראַכט הלואי מעכט דער שררה קראַנק געלעגען. אָדער דער טייוועל מעכט איהם גענומען איידער ער האָט מיך גרויס געמאַכט ביים מלכות. אונ צום ווייב האָט ער געזאָגט. גאָט וויים אויב איך וועל ניט ווירער ברויכען די שאַנגעס מיט די קאַנען. אונ אפשר וועל איך זיי שוין ניט קענען בענוצען דען ביי איין מלכות איז מען דאָך איינגעשטעלט מיט דעם לעבען ווען מען ערקענט דעם שווינדעל. ביטער ווי דער טויט.

עס העלפט אַלץ ניט. יאָ גערעין. ניט גערען. מוז מען זיך מאַכען איין האַרץ ווי אַ שטיין. אונ מען מוז פאָהרען. בקיצור מען איז געפאָהרען. מען איז אַהין געקומען. מען האָט איהם אָנגענומען מיט גרויס כבוד מען האָט איהם געשיקט אין אַ יודיש גאַסט הויז. אויף די העכסטע אַרט געהייסען איהם באַהאַנדלען אויף קעניגליכע קאָסטען. דען ער קען דאָך אין קעניגליכען הויף ניט עסען. מען האָט פאַר איהם געמאַכט איין הערליך מיטאָג ווי פאַר איין מלכות ער האָט באמת ניט געקענט עסען. זיין מויל מיט זיין האַרץ וואַרען איהם פערשלאָסען. דען ער האָט זיך פאָרגעשטעלט זיין שוואַרצען סוף וואָס ער וועט דאָ האָבען. נאָר אָבער וויל מען האָט איהם זאָ זעהר אָנגעהאַלטען אונ געבעטען. זאָ האָט ער מיט געוואַלד עפּיס געגעסען.

דורך די צייט וויל ער האָט דאָ געגעסען. האָט דער סאַנאַט מיט אַלע מיניסטוריום געקלערט וואָס מען זאָל איהם

פרעגען

פ־עֶגעֶן . האָבּעֶן זיי אויף די געשווינד ניט געקענט ערקלערעֶן . זאָ איז געפאַלעֶן איין עצה . מעֶן זאָל איהם לאַסעֶן אין גאַסט הויז דריי טאָג . אונ דורך די דריי טאָג וועט מעֶן שוין עטוואַס ערקלערעֶן וואָס מעֶן זאָל איהם פרעֶגעֶן .

זאָ האָט מעֶן נאָך מיטאָג געשיקט נאָך דעֶם ר׳ שימכע אין קעֶניגליכעֶן הויף צו קומעֶן . אונ דעֶר קעֶניג מיט דעֶם גאַנצעֶן סאַנאַט האָבּעֶן צו איהם מיט גרויס כבוד אַזוי געֶזאָגט . ליבּעֶר הייליגעֶר מאַן . מיר בּיטעֶן אייך מיט גרויס כבוד . דאָס איהר זאָלט בּלייבּעֶן אין גאַסט הויז דריי טאָג . אין דריטעֶן טאָג ווירד מעֶן נאָך אייך שיקעֶן . אונ אַז איהר וועט צו טרעפּעֶן די פּעֶרבּאָרגעֶנע זאַך וואָס מיר ווילעֶן אייך פרעֶגעֶן זאָ ווירד איהר גליקליך זיין אויף אייביג . מיט קינדעֶר אונ מיט קינדס קינדעֶר , עֶר האָט געֶזאָגט . גוט .

מעֶן האָט איהם מיט גרויס כבוד געפירט אין גאַסט הויז אריין אונ מיט קעֶניגליכעֶם בּעֶפעֶהל האָט מעֶן געֶהייסעֶן דעֶם גאַסט הייזעֶר . מעֶן זאָל דעֶם גאַסט בּעֶהאַנדלעֶן ווי איין מלכות . אונ געֶבּעֶן אַלץ וואָס עֶר וועט נאָר פעֶרלאַנגעֶן . דעֶר קעֶניג ווירד אַלץ גוט בּאַצאָלעֶן .

דעֶר גאַסט הייזעֶר האָט אַזוי געטאָן מעֶן האָט דעֶם אורח מיט דיא וויַסעֶ יופּעֶצעֶ אַריין געֶזעֶצט אין איין בּעֶזונדעֶר פּאָקוי זעֶהר העֶרליך אונ מעֶן האָט אָן געֶגרייט פאַר זיינעֶט וועֶגעֶן מעדנים ווי פאַר אַ מלכות . נאָר אָבּעֶר די גאַל האָט איהם נעֶבּעֶך געֶפּלאַצט . פאַר גרויסעֶ צרות . דעֶן בּאמת איז עֶר דאָך געֶוועֶזעֶן דעֶר צעֶך־ מייסטעֶר פונ אַלעֶ זולל וסובא׳ס . אונ דעֶר גרעֶסטעֶר בּעֶרוהמטעֶר קינצלעֶר פון אַלעֶ געֶרומטעֶ פרעֶסעֶרס .

יעֶצט אָבּעֶר איז איהם זיין הארץ פאַרשלאָסעֶן געֶוועֶן . בּיטעֶר אונ זויעֶר איז איהם געֶוועֶזעֶן אַז עֶר האָט זיך דעֶרמאַנט פונ דעֶם דריטעֶן טאָג . אַז מעֶן וועט איהם רופעֶן צום מלך . דאָס יעֶטציגעֶ מאָל איז די טויט שרעק פיעל גרעֶסעֶר געֶוועֶזעֶן ווי דעֶנצטמאָל

בּיים

ביים קעסטעל פון שרהה. דען איין שרהה איז דאך נים קיין מלכות אָבער ביי איין מלכות קען ער דאך גאַנץ געשווינד זיין לעבען פערלירען. ווען עס ווירד זיך אוים ווייזען דאָס ער איז נאָר אַ פּראָסטער פרעסער, אונ מאַכט צו נאַר אַ מלך מיט אַ גאַנצען סאַנאַט. בקיצור ער האט די גאַנצע צייט ניט געגעסען, ניט געטרונקען, אונ ניט געשלאָפען נאָר איז אין זיין פּאָקוי געגאַנגען אַהין אונ אַהער. אונ אַלע טאָג האָט מען פון מלכות געשיקט נאך דעם גאַסט דייזער אין מען האָט איהם אוים געפרעגט אויב ער בעהאַנדעלט דעם גאַסט גוט. האט דער גאַסט הייזער געזאָגט דעם גאַנצען אמת. דאָס מען האָט פאַר איהם אָן געגרייט מעדני מלך, נאָר ער האָט נאָך די גאַנצע צייט ניט אין זיין מויל געהאַט דאָס מינדעסטע. ער פאַסט ער עסט ניט אונ טרינקט ניט. אונ שלאָפט ניט.

ווי זיי האָבען דאָס געהערט אונ דער שרהה האָט אויך ערצעלט דאָס ביי זיין קעסטעל האָט ער אויך דריי טאָג אונ דריי נעכט ניט געגעסען. זאָ האָבען זיי שוין אָנגעהויבען אַ ביסעל צו גלויבען דאָס ער מוז זיין אַ גרויסער מאַן. אונ ער וועט געוויס וויסען וואָס מען וועט איהם פרעגען. אַלזאָ האָט מען אָנגעהויבען צו קלערען וואָס מען זאָל איהם פרעגען. דאָס מיר זאָלען זיך דאָך דיכטיג ערוויסען. אויב ער ווירקליך איין הימלישער גייסט איז; פון אַלע מיניסטוריום איז אויס געקליבען געוואָרען דער אַלער פאָרנעמסטעא מיניסטער. דאָס ער זאָל טראַכטען אונ אויס קלערין איין עצה. וואָס מען זאָל פרעגען. דען דער מיניסטער וואַר באמת דער גאַנץ גרויסער חכם. זאָ האָט ער אַזוי געזאָגט. כיין עצה איז דאָס דוועגען אונזער עסק פון דעם סוד מלוכה. וואָס מיר האָבען צו טראַכ־טען. דאָס זאָלען מיר איהם גאַר ניט פרעגען. דען זאָ איין זאך וואָס ריהרט אָן צו די מלוכה טויג ניט פאַר קיין מענטש מגלה צו זיין. דען ממה נפשך. איז ער אַ פּראָסטער מענטש ווי אַלע מענטשען. וועט ער דאך געוויס ניט וויסען אונז צו העלפען צו אונזער זאך. איז ער אָבער יאָ איין גרויסער חכם זאָ טויג אויך ניט אַז איין צווילנע מענטש

מענטש זאָל וויסען פון אונזערע פערבאָרגענע סודות אַלזאָ פון אינזער זאַך זאָל מען איהם גאָר ניט פרעגען . אונ אויך ניט איין וואָרט רעדען דערפון . נאָר מיר זאָלען קלערען עפּעס אַנדערש איהם צו פרעגען , דאָס מיר זאָלען זיך איבער צייגען וואָס אין איהם שטעקט .

די עצה איז וואויל געפעלען דיזעם מלך מיט דעם גאַנצען סאַנאַט .

יעצט מוז מען קלערען וואָס מען זאָל איהם פרעגען ? זאָ זאָגט דער זעלבער מיניסטער דער חכם . איהר זאָלט וויסען דאָס ווען ער איז אַ חכם . זאָ ווירד ער די שווערסטע זאַך אויך צו טרעפען . דען איין ריכטיגער חכם קען צו טרעפען די גרעסטע חכמה . אָבער קיין נאַרישקייט קען קיין חכם ניט טרעפען , אונ איין נאַר קען קיין חכמה ניט טרעפען נאָר בלויסע נאַרישקייטען . נאָר די חכמה איז אין צוויי חלקים , איין חכמה איז , וואָס דער מענטש האָט אויס געאַרבייט פון זיך זעלבסט , דאָס הייסט חכמה טבעית נאַטורליכע חכמה . אין איין חכמה איז פערהאַנדען , וואָס מען גיבט דיזעם מענש חכמה פון היממעל , אַזוי ווי עס שטייט געשריבען (וד' נתן החכמה לשלמה) . דער אייבערשטער האָט געגעבען חכמה צו שלמה המלך ע"ה . דאָס הייסט חכמה אלהית , די געטליכע חכמה , אַלס דען דער חכם איז פון זיך זעלבערט קלוג דער קען איין חכמה זאַך צו טרעפען . אָבער איין נאַרישקייט קען ער קיינמאָל ניט צו טרעפען . אָבער דער חכם וואָס מען האָט איהם געגעבען חכמה פון היממעל דער קען אַלץ צו טרעפען . הן איין חכמה . הן איין נאַרישקייט , איז ביי איהם אַלץ אייגס דען מען איז איהם דאָך אַלץ מגלה פון היממעל וואָס ער וויל אונ וואָס ער ברויך .

אַלזאָ לאָזען מיר איהם פרעגען איין נאַרישקייט וואָס ער וועט זיך גאָר ניט ריכטען ; אונ אַז ער וועט דאָס טרעפען , וועלען מיר וויסען דאָס ער איז איין ריכטיגער חכם וואָס מען גיבט איהם חכמה פון היממעל , אונ ער איז אַ היממעל מענטש אונ איז אין היממעל גאַנץ גרויס . אונ אַז עס ווירד זיך אויס ווייזען אַז ער איז באמת אַ חכם פון היממעל חכמה . זאָ זאָלען מיר איהם גרויס כבוד אָן טאָן , אונ גרויסע מתנות שענקען , דען ער קען אַמאָל אונז אויס די גרעסטע

נויט

נויט אַרויס העלפען. אונ פון אַלעם שלעכטען בעשירמען.

דער מלך מיט דעם גאַנצען סאַנאַט האָבען אויף די עצה מסכים געוועזען. יעצט מוז מען קלערען וואָס מען זאָל איהם פרעגען דאָס ער זאָל זיך ניט רעכטען. יעדער האָט איין אַנדערע עצה געגעבען. אונ האָט קיינעם ניט געפעלען.

דאָרט בייב מלך אין די שטוב ווי די מיניסטעריום זענען געזעסען אונ געקלערט. איז געוועזען אין די וואַנד פון מויער איין פראַמערקע. דאָס איז איין פיר עקעדיג לאָך אין די וואַנד. מען זאָל קענען עפּעס אַריין שטעלען. אונ די פראַמאַרקע וואַר מיט אַ שיין טיהרעל פערשלאָסען. אונ ניט ווייט פון די פראַמאַרקע האָט געהאָנגען אַ שטייגעל מיט איין פויגעל. זאָ איז געפאַלען די עצה. מען זאָל אין די פראַמאַרקע אַריין שטעלען עסען אונ טרינקען פאַר דעם פויגעל אויף צוויי טאָג. אונ מען זאָל דעם פויגעל אַרויס נעמען פון דעם שטייגעל אונ אַריין זעצען אין די פראַמאַרקע. אונ פערשליסען דאָס טירעל. אונ דאָס שטייגעל אַרויס נעמען פון דער שטוב. מען זאָל גאָר ניט וויסען אויב עס איז דאָ געוועזען אַ פויגעל. אונ מען וויִרד איהם פרעגען וואָס דאָ בייא אונז האָט זיך פאַסירט. אונ אַז ער וועט דאָס טרעפען. זאָ וועלען מיר וויסען דאָס זיין חכמה איז פון הימעל. אונ ער איז גאַנץ גרויס. די עצה האָט אַלע זעהר גוט געפעלען. מען האָט אַזוי געטאָן. מען האָט דעם פויגעל אַרויס גענומען פון שטייגעל. אונ אַריין געזעצט אין די פראַמאַרקע, אונ ווי מען האָט געוואָלט דאָס טירעל צו שליסען. איז דער פויגעל אַרויס געפלויגען. מען האָט איהם אַרום געיאָגט ביז מען האָט איהם געחאַפּט. אונ מען האָט איהם דאָס צווייטע מאָל אַריין געזעצט אין די זעלבע פראַמאַרקע. אונ ער איז דאָס צווייטע מאָל אויך אַרויס געפלויגען. מען האָט איהם ווידער אַרום געיאָגט ביז מען האָט איהם ווידער געחאַפּט. דאָס דריטע מאָל האָט איהם דער מלך זעלבסט גאַנץ פעסט געהאַלטען דאָס ער האָט שוין ניט געקענט אַרויס פליהען. אונ מען האָט איהם פערשלאָסען. אין אַלע מיניסטעריום האָבען געשוואָהרען. דאָס קיינער זאָל זיך ניט וויסען מאַכען. דאָס עס זאָל בלייבען בסוד גדול.

יעצט

יעצט מײַן ליבער לעזער װעלען מיר גײן צו ר' שימכען געװאָר װערען װאָס ער מאַכט . ער איז נעביך געזעסען אין גרױסע צרות . ניט געגעסען , ניט געטרונקען , ניט געשלאָפען . אין זײַן אָקסין קאָפּ איז שױן באַלד געװעזען אױס געטריקענט פון פּיהל קלערען . װי עס איז שױן געקומען די לעצטע נאַכט , װאָס ער האָט געװיסט דאָס מאָרגען װירד זײַן יום הדין , זאָ האָט ער געשפּירט טעם טױט .

דאָך האָט ער זיך מיישב געװעזען איך װעל זאָגען די גאַנצע װאָרהײט . דאָס יענע צװײ מאָל האָט עס געגראָטען , אונד דאָס דריטע מאָל פאַר דעם מלך האָט עס מיר שױן ניט געגראָטען , אונ איך װעל דערציילען דעם גאַנצען אמת . דאָס איך בין באמת איין פּראָסטער מענטש . אונ פאַר די װאַרהײט װעט מען מיך דאָך ניט אומברענגען . אונ מײַן שררה װעט מיר אַלץ אַװעק נעמען װאָס ער האָט מיר געגעבען . זאָ װעל איך װאַסער טראָגען , אונ װעל דאָך בלײַבען לעבען . אונ אַז איך װעל ניט זאָגען די װאַרהײט , אונ װעל מאַכען מיט דעם שמים פנים דען גנבישען שװינדיל דאָס איך בין אַ רבי . אונ עס װעט זיך אױס װײַזען אַז איך װײס אַ קרענק , אונ איך װעל בלײַבען אַ ליגנער . זאָ בין איך געװיס ניט זיכער מיט מײַן לעבען .

גוט די עצה האָט ר' שימכען זעהר געפעלען . דען באמת האָט ער דאָך קײן אַנדערע עצה ניט געהאַט . מאָרגען פריה דעם דריטען טאָג האָט ער גאַנץ פריה אָבגעדאַװינט אונ איז געגאַנגען אין די װײַסע יופּעצע . אין דעם טלית ותפילין אין דעם גרױסען ספּאָדעק װי אַ װאָלקען בראָך אױף זײַן קאָפּ . אונ האָט אױסגעזעהן װי איין ענגלישער סורר ומורה .

פּלוצלונג זענען אַרײַן געקומען די גרױסע מענער פון מלך , װי זײ האָבען איהם ערזעהן אין די קלײדער . האָבען זײ זיך ערשראָקען װי פאַר דעם מלאך דומה . זײ האָבען געװאַרט ביז ער האָט אָפּ געלײגט טלית ותפילין , אונ האָבען איהם מיט גרױס כבוד געבעטען ער זאָל מיט זײ מיט גײן . דען דער מלך מיט אַלע מיניסטערס ערװאַרטען איהם מיט גרױס כבוד ; ער איז מיט זײ געגאַנגען אונ האָט זיך געמאַכט אַ חשק . עס זאָל אױס זעהן דאָס ער גײט מיט חשק

חשק אַהין . אויף דעם פנים הָאט עס אויס געזעהן אַז ער גייט מיט חשק . אָבער אינווייניג האָט איהם געפלאַצט דער וויישעט , ער איז אַהין געקומען . דער מלך מיט אַלע מיניסטעריום זענען שוין גרייט געזעסען אונ אויף איהם געוואַרט . ווי ער איז נאָר אַריין געקומען האָט ער ניט געוואַרט ביז זיי וועלען איהם פרעגען נאָר ער האָט באַלד אָנגעהויבען צו זאָגען די ריכטיגע וואָרהייט . אונ האָט אַזוי געזאָגט , ליבע הערשאַפטען . עטץ ברויכט מיך גאָר ניט צו פרעגען . דאָס ערשטע מאָל האָט עס דעם פויגעל געגראָטען דאָס ער איז פריי געפלויגען . אונ דאָס צווייטע מאָל האָט עס איהם אויך געגראָטען אָבער דאָס דריטע מאָל פון מלך'ס האַנד איז ער שוין פעסט געפאַנגען געוואָרען , אונ עס האָט איהם שוין ניט געגראָטען . דאָס האָט ער געמיינט זיך זעלבערט . דאָס ערשטע מאָל מיט דעם פערד אין וואַלד האָט עס איהם געגראָטען . דאָס צווייטע מאָל אין דאָרף מיט דעם קעסטעל דימאַנטען האָט עס איהם אויך געגראָטען . נאָר יעצט דאָס דריטע מאָל אין מלך'ס האַנד איז ער געפאַנגען געוואָרען אונ עס האָט איהם ניט געגראָטען .

דער מלך אָבער מיט די מיניסטעריום האָבען דאָך ניט געוויסט וואָס דער נאַר האָט אין זיין זין . אונ וואָס ער מיינט ווי זיי האָבען נאָר געהערט די ווערטער וואָס ער האָט געזאָגט . דאָס צווייטע מאָל האָט עס דעם פויגעל געגראָטען . אונ דאָס דריטע מאָל פון מלך'ס האַנד איז דער פויגעל געפאַנגען געוואָרען . עס האָט איהם שוין דאָס דריטע מאָל ניט געגראָטען . האָבען זיי געמיינט דאָס ער האָט צו געטראָפען זייער סוד . אונ איידער ער האָט אויס גערעדט דאָס וואָרט איז געוואָרען אַ גרויס געפּאַטש אונ אַ גרויס געשריי ויוואַט . וויוואַט . אין אַלע זענען געבליבען זעהר פאַרווינדערט אונ זענען אַלע געפאַלען כורעים ומשתחוים . פאַר נאָטס חכם . דען עס האָט דאָך ביי זיי געהייסען דאָס ער האָט זיין חכמה פון גאָט . אַזוי ווי להבדיל שלמה המלך ע"ה .

ווי ער האָט דאָס געהערט אונ געזעהען . איז ער שוין קלוג געוואָרען . אונ האָט שוין מעהר ניט גערעדט איין וואָרט . נאָר איז

ז געבליבען

געבליבען שטיל ווי די וואַנד. אונ פאַר גרויס פרייד אונ גרויסע ווינדער האָבען זיי ניט געוויסט וואָס פאַר איין כבוד זיי זאָלען איהם אָנטאָן. אונ ווייל זיי האָבען געוויסט דאָס ער האָט שוין דריי טאָג ניט געגעסען האָבען זיי איהם ניט געוואָלט אויף האַלטען. נאָר אַלע האָבען איהם מיט גרויס כבוד באַגלייטעט ביז אין גאַסט הויז. אונ מען האָט פון מלכות באַלד אַהער געשיקט די גרויסע מוזיק. אונ מען האָט געשפיהלט לכבוד דעם פאָר פאַן באָג. אונ מען האָט געמאַכט גרויסע לימינאַציע אין די שטאָט. אַלע פענצטער אין אַלע גאַסען האָבען געלויכטען פון ליכט אונ פון לאָמפען. אַלעס לכבוד דעם הימעל מענטש. אונ דער שררה איז געוואָרען גרויס עד לב השמים.

דער מלך מיט אַלע מיניסטעריום האָבען איהם געקושט אונ געהאַלזט. דען דורך איהם האָבען זיי דאָך זוכה געוועזען צו קענען דעם הייליגען מאַן. אונ צו זעהן די גרויסע ווינדער. אויך די מלכה האָט דאָס אַלץ געהערט. זאָ האָט זי געבעטען דעם מלך. ער זאָל דעם הייליגען מאַן בעטען. ער זאָל נאָך איין מאָל קומען אין קעניגליכען פאַלעץ. דאָס זי זאָל אויך זוכה זיין איהם צו זעהן אונ כבוד אָן צו טאָן. דער מלך וואַר ניט דרייסט צו רעדען צו דעם מלאך קרוס. נאָר דער שררה האָט איהם געבעטען. אונ ווי דער שררה איז צוריק געקומען צו די מלכה מיט די גוטע בשורה דאָס דער הייליגער מאַן וועט קומען זאָ איז די מלכה מיט די אַלע גרויסע דאַמען זעהר הערליך פערקליידעט אַקעגען געגאַנגען. אונ אַ גאַנצען וועג אויס געשפרייט מיט רויזען בלומען. אונ יעדע דאַמע האָט זיך געניינט. אין זיי האָבען איהם בעוואָרפען, מיט גרויסע מתנות. אונ דער מלך מיט אַלע גרויסע לייט האָבען איהם בעשענקט מיט זעהר גרויסע הערליכע מתנות.

ר' שימכע איז עקסטראַ געגאַנגען אין שוהל אריין אונ דער מלך ביז אַלע גרויסע לייט זענען מיט געגאַנגען. אונ שימכע האָט געהייסען מאַבען דעם מלך אַ מי שברך. אַלע יודען זענען צוזאַנד געקומען לכבוד דעם מלך. אונ דער מלך, האָט די יודען זעהר שיין אנטפאַנגען אונ האָט אַ גרויסע נדבה געשענקט אויף די שוהל. אונ

אויף

אויף די אָרעמע לײַט . מיט גרוים כּבוד זענען זיי צוריק געגאַנגען אין קעניגס הויף . אונ אַלע יורען האָבען זיי בעגלייט מיט גרוים כּבוד . אונ אַלע האָבען געשריגען אונזער מלך מיט די מלכּה מיט זייערע קינדער זאָלען לעבען . אונ זאָל גליקליך זײַן .

ווי זיי זענען געקומען פאַר דעם פּאַלעץ , זאָ זענען שוין געשטאַנען זעהר פיעל קאָטשען איין געשפּאַנט , אונ פאַר ר' שימבען איז געווען גרייט דעם מלך'ס קאָטש , אונ זי וואַר פיל בעלאָדענט מיט זעהר טײַערע מתנות , אונ דער מלך מיט די מלכּה האָבען זיי אַביסעל בעגלייט ; אונ געווינשען אַ גליקליבע רייזע , אונ איידער דער מלך האָט זיך מיט ר' שימכען געזעגענט , האָט דער מלך צו איהם אַזוי געזאָגט . דאָס אַלץ וואָס איך האָב דיר געגעבען , דאָס איז נאָר דערווײַל , קערצליך אָבער וועל איך דיר שיקען דאָס דו מיט קינדס קינדער וועלען האָבען גענוג אונ איך וועל זאָרגען פאַר דיר ווי אַ טאַטע פאַר זײַן אייגען קינד . אויך פיעל יורען זענען געקומען אונ האָבען אַרײַן געוואָרפען אין די קאָטש קוויטלעך מיט פּדיונים אונ ער האָט אַלץ צו גענומען , אונ צו וועלכען ער האָט געגעבען אַ שאָקיל מיט דעם קאָפּ . דער האָט געמיינט אַז ער פליעט אין זיבענטען הימעל אַרײַן .

דער שררה מיט דעם בּן מלך מיט ר' שימבען זענען געזעסען אין קעניגס קאָטש , אין די איבריגע גרויסע לײַט זענען געזעסען אין אַנדערע קאָטשען אונ זעהר פיעל קאָטשען מיט גרויסע לײַט זענען מיט געפאָהרען , ווי ר' שימבע מיט די אַלע גרויסע מענער זענען שוין ניט ווײַט געוועזען פון דערהיים , נאָך איין מײַל אָדער צוויי מײַלען פון די שטאָט . זאָ זענען שוין די רײַטער מיט די מוזיק פּאָראוים געלאָפען . אונ מען האָט פאַר ר' שימכעם טהיר געמאַכט די גרויסע פּאַראַדע מיט מוזיק , לכּבוד די מאַדאַם שימבען . אונ מען האָט איהר אָפּ געגעבען די נאַכריכט דאָס איהר ליבער מאַן קומט צו פאָהרען . אונד איין פריינדליבען גרוס פון די קעניגען אונד פין אַלע גרויסע דאַמען . אונד איין פריינדליבען בריף פון די קעניגען . מאַדאַם שימבע האָט דעם בריף אויף געמאַכט צו לעזען זי האָט

אַרײַן

אַרײַן געקוקט אין דעם בריף ווי דער האָן אין בני אדם . און האָט
זיך זעהר בעדאַנקט . און ווי די אַלע קאָטשען זענען שוין געקומען .
מיט ר' שימבען . זאָ איז די גאַנצע שטאָט יורען געשטאַנען און
האָבען דאָס געזעהן . ווי דער שררה מיט דעם בן מלך און נאָך
עטליכע גענעראַלען פיהרען ר' שימבען אונטער דעם אָרעם. און די אַלע
גרויסע מענער האָבען זיך דאָ אויף געהאַלטען עטליכע טאָג און מען
האָט געמאַכט גרויסע פאַראַדעס און גרויסע פרייד אַלע טאָג . און זיי
האָבען איבער געלאָזט גרויסע מתנות . און האָבען זיך אָב געזעגענט
מיט דעם צדיק . און מיט די מאַדאַם . און פאָרט געפאָהרען .

נאָך אין עטליכע טאָג איז געשטאַנען פון קעניגס האַנד אין
צייטונג בלאַט דאָס די גאַנצע וועלט זאָלען וויסען דאָס קיין גרעסערער
הייליגער מאַן וויא ר' שימבע איז ניט דאָ און ווער עס ווירד ח"ו
עטוואַס טאָן אָדער רעדען ח"ו אויף זיין הייליגען כבוד . דער איז
חייב מיתה . און אַלע וואָך און אַלע חודש האָט מען איהם געשיקט
פון מלכות הויף . מתנות כיד המלך . בקיצור זיין שם איז געגאַנגען
מסוף עולם ועד סופו . אַזוי צווישען פרעמדע פעלקער און אַזוי
צווישען יודען . עס זענען טאָג טעגליך געקומען צו פאָהרען מענטשען
פון אַלע עקען וועלט . און צווישען הונדערט קראַנקע . ווען אפילו
נײַן און נײַנציג זענען געשטאָרבען . און איינער איז לעבען געבליבען .
האָט מען ניט געדענקט פון די וואָס זענען געשטאָרבען . נאָר פון
דעם איינעם וואָס איז לעבען געבליבען . אין עס האָט געקלונגען
אין די וועלט דאָס דער רבי האָט איינעם בײַם לעבען ערהאַלטען .
און אַזוי האָט זיך די גאַנצע וועלט גענאַרט אָן דעם גראָבען יונג .
און אַפילו לומדים חכמים האָבען זיך אויך גענאַרט און זענען געפאָהרען
און האָבען געגלויבט אָן דעם זולל וסובא ווי להבדיל אָן אַ ריכטיגען
נביא . און דער שווינדעל האָט די גאַנצע וועלט פערבלענדעט .
און עס זענען אויך געקומען צו פאָהרען גרויסע לײַט . רבנים .
גוטע יודען (אויך אַזעלכע גוטע יודען ווי ער) לומדים . אַפילו זאָלבע
וואָס האָבען פערשטאַנען די גנבה מיט דעם שווינדעל . זענען אויך
בעקומען . דען אין יעדע שטאָט וואַר איין חסידים שטיבעל . עס
האָט

האָט געהײסען דאָס שטיבעל פון הײליגען ר׳ שמעון הצדיק. אין
די בעלי קבלה האָבען געזאָגט על פי סוד. אַז ר׳ שימכע פלאַבטע
איז דער גלגול פון שמעון הצדיק ע״ה. וואָרום דאָס וואָרט פלאַבטע
איז בגימטריא הצדיק מיט דעם וואָרט הצדיק. און ווער עס איז ניט
געגאַנגען אין דעם שטיבעל. און ווער עס איז ניט געפאָהרען צו איהם
דער איז ניט געהאַלטען געוואָרען פאַר אײן אָרענטליבען מענטש.
דאַדורך האָבען לומדים און חכמים איך בעל כרחו געמוזט פאָהרען
און אַז עס האָט זיך געטראָפען אַ מענטש אַ חכם וואָס האָט דעם
שווינדעל פערשטאַנען. און האָט געשריגען דעם ריכטיגען אמת.
אַז די וועלט איז משוגע. אַז מען פאָהרט צו אַזוי אײן זולל וסובא.
צו אַזוי אַ גראָבען וואויטעק וואָס גענאַרט גאָט מיט די וועלט. און
מען גלויבט אָן אַזוי אַגנב אַ ליגנער וואָס ווײסט ניט קײן חילוק צווישען
ארור המן לברוך מרדכי. זאָ האָבען אַלע זײנע חסידים געשריגען.
דער מענטש איז אײן אַפיקורוס. ער וועט ניט האָבען קײן חלק
לעולם הבא. ווײל ער האָט ניט אמונת חכמים. זאָ האָט אײן אַנדערער
חכם געזאָגט צו דעם חכם. הער מיך צו ליבער ברודער איך פאַרשטײ
דעם שווינדעל פון דעם קדוש. און דאָס משוגעת פון די וועלט.
אַזוי גוט ווי דו. דען איך האָב מיר דאָס גוט איבערגעלײגט. דאָס
ווען אַ מענטש מיט פערשטאַנד וואָס האָט אַ ריכטיגען שכל קומט
אַרײן צווישען משוגעים טאָר ער ניט זאָגען אַז זײ זענען משוגע. נאָר
אַלץ וואָס ער זעהט דאָס אַ משוגענער טוט. מוז ער זאָגען עס איז
זעהר גוט. ווען אָבער ער זאָגט דעם זײ זענען משוגע. זאָ שרײען זײ
אויף איהם. דאָס איז אַ משוגענער און מענבעס מאָל איז ער אויך
ניט זיכער מיט זײן לעבען. אַלס דען מײן ליבער פרײנד בלײב רוהיג און
לאָז יעדעם נאָר בײ זײן נאַרישקײט. דען מיר וועלען ניט קענען אַ גאַנצע
וועלט אַרום דרײען. זאָ האָט יענער אָב גיענטפערט ביזט געראָבט
ליבער פרײנד. איך וועל דיך פאָלגען. זאָ האָבען די צווײ חכמים
צווישען זיך געהאַלטען אײן עצה בסוד. און זענען אויך געגאַנגען
אין חסידים שטיבעל. און צום רבינ׳ס שלש סעודות. און האָבען
אויך ערצעהלט פון איהם זאָל לעבען גרויסע ווינדער וואָס זײ האָבען
ניט

נִיט געזעהען אונ ניט געהערט. אונ ר' שימבע האט וואס א מאל געזאגט טיעפערע תורות.

אמאל א שבת זענען געוועזען זעהר פיעל חסידים. אונ דער גבאי האט מיט איהם א גאנצע וואך געלערינט די תורה וואס ער זאל זאגען אויף שבת. נאר שימבע פלאבטע האט דאך א זכרון ווי איין אלטע קאטץ. עס איז געקומען צו די תורה זאגען. זענען אלע חסידים געשטאנען גאנץ שטיל זיי זאלען זוכה זיין צו הערען פון דעם פה קדוש די טיעפע תורות. הייבט ער אן מיט גרויס התלהבות דען דאס פייער פון אקוויט האט אין איהם געברענט אין מחמת התלהבות האט ער אליינט אויף געפרעסען די גאנצע פיש מיט דעם גאנצען פלייש וואס מען האט איהם אנידער געשטעלט צו טהיילען שיריים פאר דעם גאנצען עולם. דער עולם האט זיך אנגעקוקט איינער דעם אנדערען. נאר יעדער האט זיך געטראכט ווער ווייסט וואס פאר א גרויסער סוד דאס איז. אין אלע האבען געלאקערט מיט דארשט צו הערען די דברי תורה. זא עפענט ער זיין מויל ווי בלעם'ס אייזעל. אונ זאגט. ווען חם האט געהרגת זיין ברודער קין. האט פוטיפר געבויעט די תיבה. אין דער תיבה איז געוועזען בלעם הרשע. אין נבוכדנצר. אוי יונה. יונה. יונה. די טויב איז אוועק געפלויגען אונ האט אויף דעם רעכטען פליגעל מיט געשלעפט בלעם הרשע. אין מיט דעם לינקען פליגעל דעם נבוכדנצר. בפעם הזאת דענסטמאל האט מלחמה געהאלטען מלך אחשורוש מיט בלק בן צפור. אונ ווייל אין שושן האבען די ישראל געגעסען אויף די סעודה פון בלק בן צפור. איבער דעם איז אחשורוש געלאפען אין די מדבר אריין שעלטען די ישראל. ווי די טויב האט געזעהן דאס מען וויל די הייליגע יודען שעלטען. האט זי פערשפרייט איין פליגעל אזוי ווי עס שטייט יפרוש כנפיו איז פון אונטער די פליגעל אפיר געפאלען איין הארט אייזעל. אזוי ווי עס שטייט חמור גרם. אונ בלעם איז אראפ געשפרונגען אונ האט זיך געזעצט רייטען אויף דעם אייזעל והוא רוכב על אתונו. אונ האט געהרגת אחשורוש'ין איז געקומען שבואל אונ האט געהרג'ת בלעם'ען ווייל ער האט חרוב געמאכט

דאס

דאָס בית ראשון אונ דעם איז געבּוירען געוואָרען המן הרשע וואָס
האָט געהאָנגען מלך נבוכדנצר'ן אין לאַנד מצרים. אונ ווי קורח
האָט שלום געמאַכט מיט המן איבּער די מערת המכפלה וואָס יעקב
האָט געקויפט פון שכם בּן חמור. איז געקומען אַ בת קול. לא
מעקצך ולא מדבשך. עס וועט ענק קיין חכמה ניט העלפען. אונ
קיין גבורה אויך ניט. עס שטייט אין די הייליגע גמרא גם לי גם
לך לא יהיה. דאָס איז טייטש ווי איינער בעט זיך אַזוי שלאָפט ער.
ווידער געפונט מען דוד המלך ע"ה האָט געזאָגט אין ספר מגילת
אסתר המלאך הגואל אותי מכל רע יברך. דאָס איז טייטש אז מען
קעמט זיך ניט, קריגט מען קאָלטענעס. אונ דער פירוש של סוד זה
איז ווי עס שטייט אין פסוק. אין מטבילין את הכלים. ואין מדליקין
את הנרות. דאָס איז טייטש מען בּעצאָהלט יעדען מענטש ווי ער
האָט זיך פערדיענט. על כן משפט אמת וצדק ווייל קורח האָט מבזה
געוועזען דעם כבוד פון די צוויי צדיקים דתן ואבירם אונ האָט זיך
פאַר זיי ניט געוואָלט האַלטען נידעריג איז ער אַראָפּ געקומען למטה
במדרגה התחתונה. אָבּער המן האָט מכבד געוועזען דעם צדיק
מרדכי אונ האָט איהם צו ליעב געטאָן וואָס ער האָט געוואָלט. פונקט
וואָס מרדכי האָט זיך געווינשען. האָט דער צדיק בּן המדתא זוכה
געוועזען ער זאָל עולה זיין לעליה במעלה עליונה. האַ. האַ. האַ. האַ.
איך מיט ענק אַלע מיינע חסידים זאָלען מיר אויך זוכה זיין צו אַזעלכע
הויכע עליה. זאָגטס אַלע אמן. האָבּען אַלע געשריגען אמן אמן.

נאָך די שרעקליכע הורה. איז געוועזען בּיי די חסידים סכנות
נפשות. די גראָבּע יונגען זענען שיעור געשטאָרבּען פאַר גרויס שרעק
פון די פייערדיגע סודות התורה. אונ די לומדים חכמים זענען שיעור
צו זעצט געוואָרען פאַר לאַכען. אונ זיי האָבּען געטוזט דאָס געלעכטער
אין זיך דריקען.

ר' שימכע מיט זיין ווייבּ האָבּען געהאַט גרויס עשירות. אונ
די גאַנצע וועלט האָט זיך אָן זיי גענאַרט. אונ זיי האָבּען איבּער
געלאָזט קינדער אויך זאָלכע זולל וסובא'ס ווי זיי זענען געוועזען.
אונ גרויסע לייט האָבּען זיך מיט זיי משדך געווען אונ ר' שימכע מיט
זיין

זיין ווייב זענען געשטארבען בכבוד גדול . אונ די קינדער האבען געירשנ'ת א זעהר גרויסע ירושה . נאר דאס עשירות האט זיך קירצליך אויס געלאזט . נאר איינער פון זיי איז געוועזען א חכם . אונ איז ניט געוועזען קיין גרויסער עם הארץ . אונ ער האט געוויסט אז דאס גאנצע געשעפט מיט דעם גרויסען שם פון זיין פאטער . וואר אלץ שווינדעל זא האט ער צו גערופען זיינע ברידער . אונ האט צו זיי געזאגט . ליבע ברודער ! פאלגט מיך וואס איך וועל אייך זאגען וועט אונז אלע וואויל זיין . מיר זאלען זיך לערנען א מלאכה . אונ מיר וועלען זיך ערנעהרען עהרליך ניט מיט קיין שווינדעל ווי אונזער פאטער האט בעשווינדעלט די גאנצע וועלט . אונזער פאטער האט זיך נעבעך ניט געקענט אנדערש העלפען . דען ווען ער האט דאס אנגעהויבען צו פיהרען . וואר ער דאך שוין אלט . אונ קיין תורה אונ קיין מלאכה האט ער דאך ניט געקענט . בפרט פון וואנען ווייסען מיר אז דאס גליק וועט אונז אזוי דינען ווי עס האט איהם געדיענט . דען צו די שמים פנים'ס גנבה . מוז מען אויך האבען גליק . אונ מיר זענען ניט פערזיכערט אויף דעם גליק וואס אונזער טאטע האט געהאט . אונ ווער עס קען א מלאכה . דער איז אין די האפנונג אז דאס מזל וועט איהם גליקען . קען ער אויך איין עושר ווערען אונ ווען ניט . זא איז ער על כל פנים פערזיכערט אויף זיין שטיקעל ברויט . זא האבען איהם די ברידער געפאלגט . אונ האבען זיך געלערנט מלאכות . אונ האבען זיך געפיהרט גאנץ שיין . אונ זענען פון די מלאכה איינציג וויים געקומען צו געלד אונ זענען געווארען סוחרים . אונ נגידים . אונ זיי האבען זייערע קינדער געלאזט גוט לערנען . אונ האבען מיט זיי געטאן גוטע שידוכים אונ זיי האבען אויס געפיערט זייער וועלט בשלום מיט קינדער אונ קינד'ס קינדער . אונ האבען געהאט חן בעיני אלהים ואדם .

פון דער מעשה איז צו פערשטיין ווי די וועלט איז פארבלענדעט . אונ ווער עס האט שכל ברויך זיך ניט לאזען צו פארבלענדען מיט הבלי הבלים . נאר צו זיכען דעם אמת .

ענדע



## אהל אלימלך.

כולל לקוטי תורה ושיחות יקרים, ספורים ומעשיות מהרה"ק ר' אלימלך מליזענסק זי"ע.

פרייז 80 העללער

## אלה המצות.

על תרי"ג מצות למהר"ם חגיז ב"ה

פרייז 80 העללער

## אור הישר.

ודרך סעודה, עם דברי מוסר והנהגות טובות מהה"ק מהרצ"א מדינוב זי"ע.

פרייז 80 העללער

## דובר שלום.

הדושי תורה והנהגות טובות ספורים ומעשיות נפלאים מהה"ק מרן ר' שלום מבעלזא זי"ע.

ועוד הוספנו לו ס' אהל יהושע מבנו הרה"ק מרן יהושע מבעלזא זי"ע.

פרייז 1 קראָנע

## אגרא דכלה.

על התורה מהה"ק מהרצ"א מדינוב ב"ח, נדפס מחדש עם הוספות ותיקונים עפ"י, הכ"י על נייר משובח ובאותיות מהודרות יפות מאירות עינים כל הס' מחזיק 510 עמודים.

פרייז 5 קראָנען

## תולדות יעקב יוסף.

על התורח מהרה"ק ר' יעקב יוסף מפולנאה.

פרייז 1 קראָנע

## מנורה הטהורה.

כולל לקוטי תורה ומעשיות נפלאים מהצדיקים המפורסמים

א) הצ' ר' פנחס מקאריץ

ב') הצ' ר' שמעלקא מניקעלשבורג

ג) הצ' ר' משה ליב מסאסוב

ד) הצ' ר' אברהם יהושע העשיל מאפטא

ה) הצ' ר' ישראל מרוזין

פרייז 60 העללער

## ארחות צדיקים.

מדבר על המישה כחות שבאדם, הברו מג"ש נדפס מחדש עם תקונים ובאותיות גדולות.

פרייז 50 העללער

## תם וישר.

הוא ספר הישר על התורה אין דעם ספר ווערט דערצעהלט די נסים וואָס גאָט האָט געטהון פון בריאת העולם ביז יהושע האָט געבראַכט דאָס פּאָלק ישראל קיין ארץ ישראל.

פרייז 25 העללער

---

צו האבען בייא אמקרויט עט פריינד בוכהאנדלונג פשעמישל